# בר־מצוה רעדעס.

(צווייטער טהייל פון דעם אידיש-אמעריקאנער רעדנער)

א זאמלונג פון פערשיעדענע בר מצוה רעדעס אין אידיש
און העברעאיש מיט ענגלישער איבערזעטצונג.

פערפאסט פון

די גרעסטע אידישע רעדנער און שריפטשטעלער.

— רעדאקטירט פון —

פראפ. ג. זעליקאוויץ

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.

# BAR-MITZVA SPEECHES

A Collection of

Various Bar-Mitzva Speeches

in

English, Hebrew and Yiddish

Compiled by

famous Jewish Scholars aud Orators

Edited by

Prof. G. Zelikowitch.



Hebrew Publishing Company

632-34 BROADWAY, NEW YORK

# בר מצוה רעדעס:



# בר מצוה דרשות: (אין העברעאיש).

# INDEX.

English Speeches

# בר מצוה רעדע.

פון ג. זעליקאוויץ.

קשר של תפלין צריך להיות למעלה,
כדי שיהיו ישראל למעלה.
(מנחות ל"ה).

---

טהייערע עלטערען, ליעבע פערזאמעלטע געסט אונד פריינדע!

היינט איז מיין דרייצעהנטער געבורטסטאג, און פון היינט אָן בין איך אלליין פעראנטוואָרטליך פיר מיינע אלע מעשים, ווייל פון יעצט אָן פאַנג איך אָן צו האבען פפליכטען אלס איד צו גאט און צו לייט, און דיא תפלין וואס איך טראג דערצעהלען מיר מיט שטאלץ, מיט רעספעקט און מיט ליעבע אז איך בין אן אייניקעל פון אברהם אבינו, דער ערשטער ארכיטעקט פון דיא אידישע נאציאָן.

יאַ פריינדע! דיא תפלין דערמאנען מיר אז מיינע אבות אבותינו זיינען א מאל געווען קנעכט אין מצרים, און גאט האט ענדליך צובראכען זייערע קייטען, ער האט זייא ארויסגעפיהרט פון דעם לאנגען עגיפטישען גלות און האט זייא בעגליקט מיט אַ בוך פון לעבען, א ספר החיים, דיא הייליגע תורה וואס ווייזט אונז אין אללע צייטען וויא צו לעבען ריין, וואו עס איז ליכטיג און וואו עס איז פינסטער.

ויאמר את אחי אנכי מבקש, און יוסף האט געזאגט: איך געה אויס-זוכען מיינע ברידער. פון היינט אָן איז אויך מיין הייליגע אויפגאבע צו געהן אויפזוכען מיינע ברידער, צו נעהמען אנטהייל אין יעדע אידישע אונ-טערנעהמונג און מאכען עהרע דעם אידישען נאמען וויא וויט איך וועל נור קענען. איך וועל אימער האבען אין זינען דעם פרעכטיגען געדאנק פון תלמוד: קשר של תפלין צריך להיות למעלה, כדי שיהיו ישראל למעלה (מנחות ל"ה) דאס הייסט אז דער קשר של תפלין וואס מוז זיין פון אויבען דער-צעהלט מיר פון מיין הייליגע פפליכט צו האלטען דעם אידישען כבוד הויך, און כאָטש מיין פאלק איז ארומגערינגעלט מיט גזרות און רדיפות, האב איך דאך מיין טיעפע האפפנונג אז דיא שווארצע נאכט פון גלות וועט א מאל מאכען פלאטץ פאר'ן מארגען שטער'ן אויף ישראל'ס געצעלט, און אלס בע-

## SPEECH FOR A BAR MITZVAH.

By G. Selikowitz.

**"The tie of the Tephillin should be above so that Israel** might **be above." (Menahath** 35.)

Dear Parents, Beloved Assembly, Guests and Friends:

This is my thirteenth birthday, and from now on I am responsible for all my deeds because I commence to have duties toward God and men. The Tephillin which I wear relate to me, with pride, respect and love, that I am a grandson of Father Abraham, the first architect of the Jewish nation.

Aye, friends, the Tephillin remind me that my parents' parents were once slaves in Egypt and ultimately God broke their chains. He led them forth out of the Egyptian exile and made them happy by giving them a book of life, the holy Thorah, which teaches them at all times how to lead a pure life, where there is light and where there is darkness.

And Joseph said, "I am going forth to seek my brethren." From now on it will also be my holy task to go forth and seek my brethren, to participate in every Jewish undertaking, and cause honor for the Jewish name to the best of my abilities. I shall always bear in mind the grand thought of the Talmud, "The tie of the Tephillin should be above so that Israel might be above." This means that the tie of the Tephillin, which must be above, tells me that my holy duty consists in keeping Jewish honor above. Although my people is surrounded with edicts and persecutions, I still hope

ווייז איז דיעזע תפלין וואס דערמאנט מיר ווי אזוי גאטט'ס מעכטיגע האנד האט אונז שוין אויסגעלייזט פון א פיעל גרעסערען גלות.

אללע פעלקער לעבען און האפען, אָבער מיר אידען האפען און לעבען! דיא תפלין גיבען מיר דיא שעהנסטע ערקלעהרונג פון האפנונג: דער של ראש גיבט מיר די וואהרנונג פון אונזער משורר: החכם עיניו בראשו, דער פראקטישער קלוגער מאנן דארף האבען זיינע אויגען אין קאפף, צוא טהאן אללעס וואס איז גוט, און דער של יד איז א וואונק אויף דיא יד חזקה, דיא שטארקע האנד מיט וועלכע דער באַשעפער פון דער וועלט האט אונז אימער ארויסגעשלעפט פון דעם זומפיגען גלות וואו מיר זיינען אליין פער־קראכען! אך וואס פיר א טהייערער אוצר, פון געטליכע געדאנקען עס ליעגט אין דיעזע הייליגע אוניפאָרם—דיא תפלין וואס פראָקלאמירען מיין נייע פער־אנטווארטליכקייט צו גאָטט און צו לייט.

און איהר מיינע טהייערע עלטערען, דוא מיין ליעבער פאטער און דוא מיין הערצען'ס געליעבטע מוטער! וואו זאל איך נעהמען ווערטער אייך איבערצוגעבען דיא הייסע דאנקבארקייט פון מיין נשמה וויא איך פיהל היינט צו אייך פיר דיא עדעלע גוטהערציגע ערציהונג וואס איהר האט מיר גע־געבען? פונקט וויא עס איז שווער ארימצונעהמען דעם ערד־קוגעל מיטביידע ארעמס, דאס זעלבע איז מיר היינט שווער צו געפינען דיא ריכטיגע ווערטער אום אייך צו דאנקען און צו בענטשען פיר אללעס וואס איהר האט געטהאן פיר מיר זייט דעם טאג וואס איך האב מיינע אויגען געעפענט, ביז היינטי־גען טאג, ווען איהר האט מיר פאָרבערייטעט צו זיין א נייער מיטגליעד צו מיין פאלק. איך וויים אז דעם בעסטען דאנק קען איך אייך געבען ניט דורך ווערטער זאנדער'ן דורך מעשים, און דאס וועל איך זיך בעמיהען צו טהאָן, דאס הייסט: איך וועל מיך אנשטרענגען אייך צו איבערצייגען אז אייער אר־בייט פיר מיין צוקונפט זאל טראגען גוטע פרוכט. און איהר פריינדע און ווער־טהע פערזאמעלטע וועלכע זייט געקומען בעגריסען מיין בר־מצוה, גאט זאל אייך געבען אז מען זאל געהן ביי אייך נור אויף שמחות און איך רוף צו אייך מיט ליעבע און דאנק: ברוכים הבאים בשם אדוני, זיינט געבענטשט און גע־לויבט וואס איהר זיינט אהער געקוממען אין נאמען פון אלמעכטיגען גאטט.

---

that the black night of exile will vanish and give room for the dawn shining on Israel's tent. As proof of all this, the Tephillin remind me how God's powerful arm liberated us from greater bondage.

All people live and hope; only we Jews hope and live. The Tephillin give me the best explanation of hope. The one on my forehead reminds me of our poet who said, "A wise man's eyes are in his head." The practical and wise man should always have his eyes in his head to do all that is good. The Tephillin on the arm is a hint of the strong arm wherewith the Creator of the world always liberated us out of the swampy exile wherein we have sunk. What a dear treasure of heavenly thoughts rests in this holy uniform—the Tephillin which proclaim my new responsibility to God and man.

And you, my dear parents, my beloved father and my beloved mother, where shall I take words to interpret the deep gratitude of my soul which I feel towards you to-day for the noble and good instruction which you have given me? Just as it is impossible to embrace the globe with my arms, in the same way I cannot find adequate words to thank and bless you for all that you have done for me since the time when I opened my eyes up till now, when you have prepared me to become a new member of my people. I know that the best gratitude I give you does not consist of words, but of actions. I shall endeavor to convince you that your labor for my future should bear good fruit. And you, friends and honored assembly, who have appeared to greet me at my Bar Mitzvah, may God grant that all visits to you should be for joy and pleasure. I call unto you, blessed be you who have appeared here, in the name of the Lord.

---

# פאר אבר־מצוה.

פון ג. זעליקאוויץ.

---

ליעבער פאטער און מוטער, לעהרער און ווערטהעס פובליקום.

עברי אנכי היום — פון היינט אן בין איך א פאללשטענדיגער איד! מיט דאנקבארקייט צו גאט און מיט ליעבע צו מיינע ליעבע עלטערען, מיט פרייד אין הארצען און מיט א „הללויה" אויף מיינע ליפען, מיט רעס־פעקט צו מיינע לעהרער און מיט ריינע בעגייסטערונג צו דיא נאבעלע פרינציפען פון יודענטהום, אט מיט דיעזען היילינען באגאזש שטעה איך יעצט אין א מקום־קדוש דער גליקליכער קאנדידאט אין אנפאנג פון מיין קאריערע אלס איד, אלס א מיטגליעד פון דיא עלטעסטע שעהנסטע און גרעסטע רעליגיאן פון דער וועלט וואס האט געלייגט דעם פונדאמענט פון דיא גאנצע מענשהייט.

יא, איך בין א פאלשטענדיגער איד פון היינט אן. איך האב 13 מאל ערבליקט זומער און ווינטער. בן שלש עשרה שנה אנכי היום, איך בין היינט אלט געווארען 13 יאהר און איך שטאלציר מיט מיין נייע פעראנט־ווארטליכקייט. איך בין פון יעצט אן א ציעגעל פון דיא גרויסע געביידע וואס הייסט יודענטהום. א גייסטיגע געביידע, דער טעמפעל פון אל־שדי פיר וועלכען אונזערע עלטערן האבען זיך מוסר נפש געווען מעהר וויא איין מאל ווען זיי האבען אריינגעלאכט דעם טויט אין פנים מיט „שמע־ישראל" אויף זייערע ליפען!

יא איך בין פון היינט אן א פאלשטענדיגער איד און דאס איז דער גרעסטער טאג אין לעבען פון א בן־ישראל, ווייל אין געגענווארט פון אזא גרויס־ארטיגען עולם, נעהם איך זיך אונטער צו פאלגען דיא געטליכע קאנ־סטיטוציאן וואס איז פראקלאמירט געווארען אויפן בארג סיני דאן ווען אלע אנדערע פעלקער זיינען נאך געקראכען אין דער פינסטער. אין געגענווארט פון מיינע ליעבע עלטערן, לעהרער, פריינדע און ווערטהע

## FOR A BAR MITZVAH.

By G. Selikowitz.

Dear Father and Mother, Teacher and Honored Public:

From to-day on I am a perfect Jew. With thanks to God and love to my dear parents, with joy in my heart and with Halelujah upon my lips, with respect to my teacher and with pure inspiration to the noble principles of Judaism—with this holy baggage I stand now in this holy place as the happiest candidate in the beginning of my career as a Jew, as a member of the oldest, grandest and greatest religion of the world, which laid the foundation of entire humanity.

Aye, I am a perfect Jew from now on. I have thirteen times perceived summer and winter. I am thirteen years of age to-day and I am proud of my new responsibility. I am, from now on, a stone in the great building called Judaism. It is a spiritual building, the temple of the Almighty for which our parents have, countless times, sacrificed their lives, while laughing into the face of Death, and with "Hear O Israel" upon their lips.

Aye, I am a perfect Jew from to-day on and this is the greatest day in the life of a son of an Israelite, for in the presence of such a magnificent assembly I undertake to follow the constitution which was proclaimed on Mt. Sinai, at a time when all other nations still felt their ways through darkness. In the presence of my dear

צוהערער גיב איך היינט מיין ווארט אז איך וועל זיין א געטרייער סאל־דאט אין דער ארמעע פון אידישען פאלק, מיין איינציגער וואונש איז נור אז דער אלמעכטיגער ארכיטעקט פון דער וועלט זאל בעלייכטען מיין וועג, און איך האף דורכצופיהרען דיעזען וואונש וויא אונזערע חכמים האבען פערזיכערט „הבא לטהר מסיעין לו", גאט העלפט אימער דעם וועלכער וויל פיהרען א ריינעם לעבען, און מיין איינציגער באגעהר, רבותי, איז נור צו מאכען עהרע מיינע ליעבע עלטערען וועלכע האבען אזוי פיעל געטהאן פאר מיר, צו מאכען עהרע מיין פאלק, נעהמען אנטהייל אין זיין פרייד און לייד, און טהאן אלעס וואס איז אין מיינע קרעפטען אום צו פערשאפען כבוד דעם נאמען איד.

יא, איך בין א פאלשטענדיגער איד: פון היינט אן ווער איך גע־רעכענט צו א מנין ווייל איך בין א טהייל פון דיא אידישע געמיינדע און מיין יוניפארם צו טראגען אין קאמפף בעשטעהט פון א הייליגע קאקארדע אויף מיין קאפף, דער של־ראש פון דיא תפילין, און א פריעדליכער פאנציר אויף מיין לינקען ארים, דער של־יד. המקום אשר אתה עומד עליו קדש הוא, איך וויים אז דער פלאטץ אויף וועלכען איך שטעה איז הייליג, און אויף דיעזען הייליגען פלאטץ פערשפרעך איך צו טהאן אלעס וואס גאט און לייט ערווארטען פון מיר.

און איהר מיינע ליעבע עלטערען, איך בין צו ארים אין ווערטער אייך צו דאנקען פיר אלעס וואס איהר האט געטהאן פאר מיר, גאט זאל אייך געבען לעבען, גליק, נחת און פרייד איהר זאלט אויך ווייטער מיר קענען ערציהען אלס א טרייער איד און א ערענהאפטער בירגער פון לאנד. זאל דער הימעל בענשען דיא אלע וועלכע זיינען היינט געקומען היער, און זאל דיא געטליכע השגחה אימער בעגלייטען אלע אידען אין קאמפף פיר אלעס וואס איז שעהן, גוט און וואהר. ד׳ יברך את עמי בשלום.

---

parents, teacher, friends and honored assembly, I pledge my word to-day that I will be a reliable soldier in the army of the Jewish people. My only wish be that the Almighty Architect of the universe may shed light upon my path. I hope to succeed in this wish as our sages assured us that God always helps the one who desires to lead a pure life. My only striving is to give honor to my parents who have done so much for me, to give honor to my people, to participate in its joys and woes, and do all there is in my power to honor the name of the Jew.

Aye, I am a perfect Jew. From now on I may be counted to a Minion, for I am a part of the Jewish community. My uniform which I have to bear in battle consists of a cockade on my head, the head-part of the "Tephillin," and as a shield of peace upon my left arm the hand-part of the "Tephillin." This place upon which I stand is holy ground, and upon this holy place I promise to do all that God and man expect of me.

As for you, my dear parents, I am too poor in words to express my thanks for all that you have done for me. May God grant you life, happiness, joy and pleasure so that you may be able to bring me up as a good Jew and an honest citizen of the country. May God bless all those who have come here to-day. May Providence accompany forever all Jews in the battle for all that is beautiful, good and true. May the Lord bless my people in peace.

# פאר א בר־מצוה.

פון ג. זעליקאוויץ.

---

הייערסטע עלטערן, ווערטהע פריינדע און געסט!

מיט דיא גרעסטע ליעבע צו מיינע עלטערן, מיט דעם טיעפסטען רעספעקט צו מיינע לעהרער און מיט א הדר־הכבוד וואס פיללט אן מיין יונגע הארץ צו אללע פערזאמעלטע היער, שטעה איך יעצט פיר אייך אללעמען שטאלץ און גליקליך וואס איך האב דערגרייכט מיין דרייצענטעם יאהר, און איך בין פון היינט־אן א נייע פלאנצונג אין דעם אלטען כרם ישראל, דער גייסטיגער וויינגארטען וואס הייסט יודענטהום.

איך בין היינט בר־מצוה.

וויא גליקליך איך בין היינט ווען איך האב דערגרייכט דיא צייט ווען איך בין פערפליכטעט צו שטופען דיא בויד פון כנסת־ישראל! וויא גרויסארטיג איז מיין פרייד וואס איך האב דערלעבט צו ווערען א מיטגליעד פון פאלק ישראל וואס האט פערשפרייט איבער דער וועלט חכמה, מאראל, יושר, פאעזיע און ליכט! וויא טיעף איז מיין בעגייסטערונג וואס איך האב דערלעבט אז מען זאלל מיר רעכענען א טהייל פון דיא איבעריגע געמיינדע, מען זאלל מיר צעהלען צו א מנין, א גליעד פון דאס אוראלטע פאלק וואס האט פראקלאמירט פיר דער וועלט פרייהייט גערעכטיגקייט און דיא פילאזאפיע פון רחמנות! איך בין געקומען צו דער פעריאדע פון „למען תהיה תורת אדוני בפיך" גאטטעס לעהרע און געבאט זאללען זיין שטענדיג אין מיין מונד, דאס הייסט: דיא לעהרע וואס הייסט אונז זיין גוט, איידעל, ערענטליך, בארימהערציג און פריינדליך צו דיא גאנצע מענשהייט.

## FOR A BAR MITZVAH.

BY G. SELIKOVITZ.

---

DEAREST PARENTS, DEAR FRIENDS AND GUESTS:

With great love to my parents, with deep respect to my teachers and with adoration for all assembled here, I now stand before you all and feel proud and happy, having reached my thirteenth year. I am, from now on, a plant in the old vineyard of Israel, aye in the spiritual vineyard called Judaism.

I am a Bar Mitzvah to-day. How happy I am to-day, having reached the time when I am in duty bound to carry the burden in the congregation of Israel. How lofty is my joy, having lived to become a member of the people of Israel that have spread wisdom, morality, righteousness, poetry and light. How great is my inspiration, knowing that I have at last reached the time that I am part and parcel of the community, entitled to be counted to a Minian,, a member of the ancient people that had proclaimed for the world freedom, justice, and the philosophy of pity. I have reached the period when the law of God and His Commandments may always be in my mouth; meaning thereby that I am in possession of the principles which teach us to be good, noble, righteous, compassionate and friendly to all humanity.

דאס אלעס, דיעזע געטליכע פראגראמע זעה איך היינט אויף מיין דרייצענטען געבורטסטאג און אויף מיין דעקאראציאן דיא תפילין, א דעקאראציאן וואס טראגט מיט זיך דעם אלטען ארדען פון אל אלהי ישראל. דער תלמוד זאגט: תפלין צריכין גוף נקיא כאלישע בעל כנפים. (שבת מ"ט) — אז תפלין פערלאנגט אריינעם קערפער ניט באפלעקט פון אונרייגע מחשבות ווייל דיא רצועות פון דיא תפלין בינדען צוזאמען דעם גוף מיט דער נשמה, דעם קערפער מיט דעם גייסט, און פונקט וויא דיא נשמה איז ריין ווייל זיא איז א שטראהל פון כיסא הכבוד, דאס זעלבע מוז דער מענש האלטען זיין קערפער עבט ריין, ווייל הטהרה מביאה לידי רוח הקודש, ריינליכקייט ברייננט צו דיא הייליגסטע בעגייסטערונג וועלכע דער מענש קען דערגרייכען.

דער גרעסטער חכם פון אללע צייטען, דער מאיעסטעטישער פאעט שלמה המלך האט געזאגט: בן חכם ישמח אב ובן כסיל תוגת אמו — א קלוגער זוהן דערפרעהט זיין פאטער, אבער א נארישער זוהן בריינגט טרויער זיין מוטער. דיעזע ווערטער וועלען איממער זיין אויסגעקריצט אויף דיא טאוולען פון מיין הארצען, און איך וועל איממער זיך געבען דיא גרעסטע מיהע צו זיין א קלוגער זוהן אום אריינצובריינגען זאנען־שיין אין דיא הערצער פון מיינע ליעבע עלטערן וועלכע האבען אזוי פיעל געטאהן פאר מיר פון דעם טאג אן וואס איך האב בעגריסט דיא זון ביז היינטיגען טאג ווען איך בין געווארען א טהייל פון אידישען פאלק וועמעס אינטערעסען איך וועל זיין געטריי און איבערגעגעבען ביז דיא לעטצטע מינוטען פון מיין לעבען.

יעצט בעט איך דיר, גאטט, זאלסט באשיצען מיינע עלטערן, בעפריי זיי פון צרות, פערהיט זיי פון טרויער, באווארען זיי פון זארג און פערהיט זיי פון שמערצען. דיין געטטליכע גנאדע זאלל בעגלייטען דיא אללע אנוועזענדע היער זיי זאללען האבען שטענדיג בלויז נחת פון זייערע קינדער און קינד'ס קינדער, און שיק דיינע שטראהללען פון ישועה אויף דיין גאנצען פאלק ישראל אמן.

All this godly program I see now at my thirteenth birthday and on my decoration, which is the Tephillin; a decoration which carries along the ancient order of the Lord God of Israel. The Talmud says: "The Tephillin require a clean body just as the winged Elijah's was." The Tephillin require a body of pure thoughts, for the straps of the Tephillin unite the body and the soul; and just because the soul is pure, for it is a ray of the Deity, therefore man must keep his body perfectly clean, for cleanliness induces to the holy inspiration which man may reach.

The wisest man of all times, the majestic poet, King Solomon, said: "A wise son is the joy of his father, while a foolish son is the sorrow of his mother." These words will always be engraved upon the tablets of my heart. I shall forever endeavor to be a wise son, in order to introduce sunshine within the hearts of my beloved parents, who have done for me so much ever since I greeted the sun to the present day when I have become a part of the Jewish people, for whose interests I will remain true until the last moments of my life.

Now, I pray to Thee, O Lord! that Thou mayest protect my parents, liberate them from sorrow, keep away mourning from them, shield and protect them from all grief. Let Thy godly grace accompany all that are present here, so that they may always enjoy the pleasures of their children and grandchildren. Send Thy rays of salvation to Thy entire people of Israel. Amen.

---

# פאר א בר־מצוה.

## פון ליטווישען פילאָזאף.

ליעבּער פאָטער, טהייערע מוטער, ווערטהע פריינדע און פיעל געשעצ־טע געסט.

זייט אלע בּעגריסט, איהר אַלע וועלכע נעהמט יעצט אנטהייל אין מיין דרייצעהן יעהריגען געבּורטסטאג — מיין בּר־מצוה יום טוב אויף וועלכען מיינע טהייערע עלטערען האבּען געווארט מיט דיא גרעסטע אונגעדולד, זיי זאלען זעהן מיט זייערע אויגען דאָס וואָס זיי האבּען אימער זיך געוואונ־שען ווי איך טרעט אריין אין אידישען לאַגער אלס אַ פאָלשטענדיגער איד, א סאָלדאַט פון אלהים־צבאות וועלכער איז גרייט צוא טהאן דעם רצון פון גאט. בּן שלש עשרה למצוה — ווען אַ אידישער זוהן ווערט אלט דרייצעהן יאהר, ווערט ער אַ איד, פאר זיך אליין, און דאס פיהל איך צו זיין היינט: איך בּין א מיטגליעד פון דיא אידישע געמיינדע מיט אַלע פעראנטווארטליכקייטען פון אַ פאָלשטענדיגען אידען, און אין גע־גענווארט פון דיעזע פערזאמלונג גיבּ איך מיין הייליגסטע פערשפּרעכונג אַז איך בּייג מיין יונגען קאפף מיט דעם גרעסטען רעספּעקט פיר מיינע נייע פפליכטען אלס איד, אלס מענש און אלס קעמפּפער פאר מיין פאלק.

צדק לבשתי וילבשני, אלס צייכען פון מיין נייע קאריערע אין דיענסט צו מיין גאט און מיין פאלק, האבּ איך אנגעטהון דיא תפלין וואס איז דער סימ־בּאל פון גאטס גערעכטיגקייט, דען דיא תפלין דערמאנען מיר וויא אזוי דער בּאשעפער האט אונז אמאל אויסגעלייזט פון אַ ים צרות אין מצרים. פון היינט אן וועל איך זוכען דיזע גערעכטיגקייט וויא ווייט א בּשר־ודם קען עס דערגרייכען, איך וועל זוכען דיזע גערעכטיגקייט פיר מיין פאָלק דורך בּילדונג, דורך קאָפּף־ארבּייט, און דערפאַר איז אן עדות דער של־ראש וואס איך טראָג אויף מיין קאפף. אָבּער ווען איך וועל אמאל מוזען זוכען דיעזע גערעכטיגקייט דורך קראפט און קאמפּף, וועט עס מיר דעמאנען דער של־יד אויף מיין לינקען אָרעם.

## FOR A BAR MITZVAH.

by the

## LITHUANIAN PHILOSOPHER.

---

Dear father, dear mother and most esteemed friends and guests!

Be all greeted—all that participate at this, my thirteenth brithday, the celebration of my Bar-Mitzvah for which my dear parents were waiting with the greatest expectation to see with their own eyes how I enter in the Jewish fold as a full-fledged Jew, as a soldier in the army of the Lord Zebath, ready to the command of God.

When a Jewish youth becomes thirteen years of age, he then becomes an independent Jew, and this is how I feel to-day. I am a member of the Jewish congregation with all the responsibilities of a complete Jew.

In the presence of this assembly I utter my most sacred promise and with the highest respect for my new duties as Jew and as man I undertake to fight in the ranks of my people and for my people.

Justice hath clothed me! As a mark of my new career I have put on the Thephilin which are the symbol of Justice, for the Thephilin remind me how the Creator once redeemed us from Egyptian bondage.

From now on, I will do my utmost to seek for Justice in as far as human power is able to reach. I shall seek for this Justice for my people and reach it through education, through

מיט זאָלכע צוויי מעדאַלען אויף מיין קאפף און מיין ארים, מיט זאָלכע צוויי „בעדשעם“ וואס דערצעהלען מיר מיין ערהאבענע שליחות, מיט זאָלכע פריעדליכע געוועהר טרעט איך ארויס היינט אין לאגער פון מיינע ברידער צו טראגען הויך דיא פאהן פון אהיה־אשר־אהיה מיט ליעבע און מיט שטאלץ.

און פונקט וויא אַ פאטריאָטישער סאָלדאַט אויף'ן שלאכטפעלד וועלכער געהט נאך דעם קול פון טרומפיימער ביז'ן קבר, אזוי בין איך מוכן ומזומן צו ריזיקירען מיין לעבען פאר מיין פאלק און נאכגעהן דעם ווידערקול פון שמע ישראל, ביז מיין לעצטען אַטהעם־צוג! איך בין נאך ווייניג געבילדעט אין אונזער אידישע היסטאָריע און רעליגיאן; אָבער דאָס ביסל וואס מען האט מיר געלערנט, האט מיר שוין געגעבען צופערשטעהן וויפיל צרות־אכזריות, טראגעדיעס, סכנות און טויט־שרעק מיינע עלטער־זיידעס האבען דורכגעמאכט פיר אונזער רעליגיאן. מעהר וויא איין מאל זיינען מיינע קינדישע אויגען פערוואלקענט געווארען ווען איך האב געלערענט און געהערט פון דיא טייכען בלוט און טרעהרן וואס אונזערע אור־אור־עלטערן האבען דורכגעמאכט אויף קידוש השם. זאָגאר היינט ווען דער ווארט „ציוויליזאציאָן“ איז אויף אללע ליפען, ווערען נאך אלץ אונזערע ברידער פערפאלגט אין פיעל לענדער נאר דערפאר ווייל זיי קענען ניט פערשטעהן וויא אזוי דריי מאל איינס איז איינס . . . אבער דיעזע רדיפות אויף אידען פאר אונזער אמונה, האט אונזער אמונה נאך שטאקער געמאכט און מיר האלטען זיך נאך פעסט וויא אימער אן דיא אלטע ירושה פון בארג סיני, צו וועלכע איך בין פון היינט אן בערעכטיגט אלס פאלשטענדיגער איד.

אללמעכטיגער בעשעפער! גיס אויס דיין אוצר ברכות אויף מיינע עלטערן זיי זאלען ניט וויסען פון קיין צער בלויז פון נחת און גליק אין אלע זייערע וועגען! שיק דיין הימלישען זעגען אויף אלע פערזאמעלטע היער, און זאל דיין פאלק געניסען איבעראל דעם פוללען בעכער נחמה, גליק, פרייד נעזונד און פרנסה! איך דאנק אייך אלעמען פיר אייער קומען היינט מיר מקבל פנים זיין אין אייער געמיינדע, וד' ישלך לכם את ברכתו ממעל ויברך את כל אחינו הפזורים בארבע כנפות הארץ—אָמן.

the medium of my brain which is now crowned with the phylacteries. And when I will have onse reached my goal, I shall also remind myself of the phylacteries on my hand.

With such two medals on my head and arm, which relate of my great message, I shall enter into the ranks of my brethren to bear the flag of the eternal God and be proud with.

And just as any patriotic soldier upon the battlefield who follows the trumpet even unto the grave, even so I will be prepared to risk my life and follow the voice and echo of Shema Israel unto my last breath

I know not yet very much of the Jewish history and religion. But this what I have been taught suffices for me to grasp the real meaning of all the sufferings, tragedies and illtreatments that my ancestors underwent for our religion.

More than once my childish eyes were filled with tears studying the history of my ancestors who have died as martyrs.

Even now, when the word "civilization" is almost on all lips, my poor brethren are being persecuted in many countries for the only sin, because they were born as Jews.

But all these persecutions, have only strengthened our religion and endeared to us the mor our inheritance from Sinai.

Almighty Creator! Send the blessings on my parents so that they may enjoy this life and have plenty of happiness. Send Thy heavenly blessings on all assembled here. Let Thy people enjoy Thy full cup of consolation, health and joyful life.

I thank all this worthy congregation for the kind attention they have given me.

---

# פאר א בר־מצוה.

פון אברהם דאין.

מיינע טהייערע עלטערען און פריינדע,

שוין דרייצעהן יאהר זייט איך האב דיא ליכטיגע שיין פון דער זון דערזעהן, און דורך דיזער גאנצער צייט זיינען אייערע געדאנקען, מיינע ליעבע עלטערען, בלויז אויף מיר געווען אנגעווענדעט. מיט פרייד און פערגעניגען קוק איך זיך אום צוריק אויף מיינע קינדערשע יאהרען, איך דערמאן זיך דיא פיעל גוטעס, וואס איהר האט פיר מיך אימער געלייסטעט. מיט פרייד און פערגעניגען קוק איך זיך אום אויף יענע טעג, ווען דער ליעבער און דער מילדער בליק פון מיין מוטער האט זיך פון מיר אויף קיין מינוט ניט אבגעקעהרט און האט מיר ליעבליך און צערטליך נאכגעקוקט; טעג אין וועלכע מיין יעדער טריט איז בעלויכטען און בעוואכט געווארען פון א טרייען פאטער און גוטען לעהרער, יעצט פערשטעה איך די גרויסע מיהע וואס דאס האט געקאסט, אה, וויא פיעל זארג און שמערצען האב איך אייך זייט דאן פערשאפט ביז איהר האט מיר געבראכט צו דיעזע שטופע וואס איך שטעה יעצט.

דרייצען יאהר זיינען שוין פערגאנגען און פערפלאסען פון מיין לעבען און איך בין שוין יעצט מעהר קיין קינד ניט; לויט דאס אידישע געזעץ בין איך יעצט א מאן, א „בר־מצוה", דאס הייסט: א זעלבסט שטענדיגער מענש, וועלכער איז שוין פערדעבענט און פערפליכטעט צום כלל ישראל, נייע וועגען וועלען זיך פאר מיר יעצט ערעפענען צום געהן, און א נייעס לעבען וועט זיך יעצט פיר מיר אנפאנגען, דיא קינדערשע יאהרען מיט זייערע קליינליכקייטען געזעגענען זיך יעצט פון מיר און עס ערשיינען פאר מיר דיא יאהרען פון איין אמת'ן לעבען מיט אלע זיינע גרויזאמקייטען און שוידערליכקייטען.

און ווער וועט נעבען מיין זייט מיין וועכטער זיין! ווער וועט מיר העלפען אריבער שפרייזען איבער די שוועריגקייטען וואס שטעהען מיר פאר אין לעבען!

נור מיין בטחון און האפנונג אין דעם גרויסען גאט פון דיא אידען.

און מיט וואס פאר א בימע זאל איך זיך יעצט צו איהם ווענדען, צום גרויסען אידישען גאט!.

אונזער היילינער תנ"ך דערצעהלט, אז ווען שלמה איז בעשטיינען

## FOR A BAR-MITZWA.

BY ABRAHAM DOYNE.

MY DEAR PARENTS, RELATIVES AND FRIENDS:

It is thirteen years since I first saw the light of this world and during these many years, all your thoughts, my dear parents, were centered upon me. With joy and gladness do I look back at those childhood years during which you so tenderly cared for me; days which were lighted up by the faithful and watchful eyes of my dear mother, and guided by the loving and instructive words of my dear father. To-day do I understand both the care and the trouble which you have had on my account up to the present time, how much anxiety and pain I have caused you; how many a sleepless night and restless day you have spent for my sake.

Thirteen milestones on my life's journey have been passed; thirteen years, and the child has become, according to the Jewish law, a man. To-day I am a Bar Mitzvah, a son of the Covenant, and I am numbered among the responsible sons of Israel. I turn an entirely new leaf in the history of my life. Before me opens the path of duty, earnestness and activity. From this hour, I am a man in responsibility, though yet a child in years. Childhood with its golden dreams and bright anticipations, is on the point of taking flight, never to return to me. The seriousness of life, with its claims and duties, its fears and hopes, will now gradually approach me, and none of the trials of life will be spared. Many difficulties will present themselves before me in meeting the obstacles which usually occur in man's life. What will uphold me with honor and dignity, what will save me from falling into sorrow and sin? Nothing but faith and trust in God. And what should, therefore, be my prayer to God at this solemn moment?

We read in the Bible that shortly after the youthful Solomon had become King of Israel, the Lord appeared unto him in a dream, and said, "Ask what I shall give thee." And Solomon, instead of asking for long life, for riches, or glory, merely asked for a

דעם אידישען מהראן אין ארץ ישראל האט גאט צו אידם זיך בעוויזען און אידם געפרעגט: „וואס פערלאנגסט דו פון מיר, שלמה, איך זאל דיר געבען!

און שלמה האט בייא אידם קיין רייכטהום און קיין לאנגעס לעבען ניט געבעטען, נור א קלוגעם און פערנינפטיגעם הארץ האט ער בייא אידם פערלאנגט.

גאט איז זעהר געפעלען געווארען שלמה'ס ביטע דיעזע און ער האט אידם בעשאנקען מיט אלעם, וואס מאכט נור א מענשען גליקליך, גרויס און בעריהמט אויף דיזער וועלט.

און אויך איך וועל יעצט בייא גאט קיין אנדער זאך ניט בעטען וויא נור א קלוגעס און פערנינפטיגעס הארץ, איך זאל קענען אונטערשיידען דאס גוטעס פון דאס שלעכטעס און אויסערוועהלען דאס גוטעס; איך זאל קענען אויסערוועהלען די בעסטע וועג אין לעבען, איך זאל קיין מאל ניט פעראירט ווערען, זאל טאהן גוטעס פאר מיינע מיטמענשען און זאל זיין א טרייער איבערגעגעבענער זוהן צוא מיין אונגליקליכעם פערפאלגטעם פאלק און זאל קענען פאר אידם גרויסעס טאהן, איך זאל זיין א עהרע פיר מיינע עלטערען און א טרייער בירגער צוא דיא פעראייניגטע שטאאטען, אונזער פרייע היימאטה דא אין גלות.

און אייך מיינע ליעבע עלטערען, וואס איהר האט זא פיעל געטאהן און זיך געמיהט מיר צוא ערציהען, מיר צוא בילדען און צוא מאכען מיר פיר א מענשען צו גאטט און צו לייט, פיר אייך האב איך קיינע ווערטער אויסצודריקען מיינע געפיהלען און עס איז גלייכער אייך גאר ניט צו זאגען; ווייל אלע ווערטער דיא שעהנסטע פראזען, וועלען אפילו דעם מינדסטען בעגריעף ניט קענען געבען וועגען מיין גרויסע און טיפע דאנקבארקייט וואס איך פיהל צו אייך פאר אייערע גרויסע און לעבענסווירדיגע טהאטען פון מיינעטוועגען.

איך וועל אייך נור זאגען אז אלעם וועל איך אנווענדען אום אייך צוריקצאהלען אלעם וואס איהר האט פיר מיר געטאהן דורך דעם וואס איך וועל אייך אטרייער, איבערגעבענער און שעצענדער זוהן בלייבען זאלאנג עס וועט נור מיין הארץ אין מיין ברוסט זיך צאפלען און זאלאנג מיינע אויגען וועלען נאך זעהן דיא ליכטיגע שיין פון דער וועלט מיט וועלכע איהר האט מיר בעגליקט,

זאל מיר גאט געבען דעם מוטה צו זיין א גוטער זוהן צוא מיינע עלטערען, א גוטער פריינד צוא מיינע פריינד, א טרייער זוהן צוא מיין פאלק און א איבערגעגעבענער בירגער צו מיין פאטערלאנד! אמן!.

לב חכם ונבון, לחבין בין טוב לרע "a wise and understanding heart to discern between good and evil." God was so pleased at this wise request that he granted Solomon not only what he had asked for, but likewise the things he had not requested.

So also do I, at this solemn and sacred hour, pray to God for a לב חכם ונבון "a wise and understanding heart, that I may distinguish between good and evil, that I may choose the right path of virtue, and avoid the wrong road which leads to sin, I ask for an understanding heart, that I may truly appreciate the beauties of our religion. Make me, O Lord, worthy to be a member of that race, whose history is so glorious, whose achievements are so noble. Let me be inspired by the glorious example of our great men—men whose names are inscribed in letters of gold on the pages of our history, so that I may be filled with lofty thoughts, and guided to noble deeds. Let me become a true Israelite and therefore a true man. Give me the power to obey the laws of Thy holy faith, that I may be a Jew, not only in name, but also in deed. Let me become a true citizen of this, our glorious country. Allow me to grow up and to realize the hopes and aspirations of my parents, so that their labors in my behalf may not have been in vain.

And you, my dear father and mother, God's messengers to me on earth, you have guarded and guided me, and provided me with an excellent education; you have made every sacrifice to promote my welfare. Words are too poor to give utterance to the gratitude I owe you, but I shall try to consecrate my life to your welfare, and to grow up to be a man in the truest sense of the word, a man such as you would have me become. Forgive me the faults of my childhood; forgive me whatever pain or grief I may have caused you. May God bless you with a ripe, happy old age and shower upon you His choicest blessings.

May the Almighty strengthen me that I may indeed prove to be a source of joy to my parents and relatives, a loyal citizen of this country, and a blessing to all mankind. Amen.

# פאר א בר־־מצוה.

## פון מ. מ. דאליצקי.

---

רבותי! היינט ווער איך „בר מצוה״. היינט איז דער הייליגער טאג וואס איך טרעט אריין אלס מיטגליעד אין דער אידישער נאציאן!

איך פיהל מיך דערמיט שטאלץ און גליקליך. שטאלץ וואס מיין נאציאן האט אנגעצונדען א פאקעל פאר דער גאנצער מענשהייט, און גליקליך וואס איך ווער איינער פון דעם אונשטערבליכען פאלק, וועלכער וועט קיינמאל ניט אונטערגעהן.

וויא בעגייסטערט עס מיך דער געפיהל, דאס איך ווער פון היינט אן א פאהנען טרעגער פון דעם „ואהבת לרעך כמוך״! וויא שעהן איז עס צוא געבען דער וועלט אזא לעקציאן!

אָ יאַ, עס איז שעהן; אבער עס איז אויך א וויטאג צוא זעהן וויא אלע האבען עס פון מיין פאלק געלעהרענט, און קיינער האט עס ניט מקיים געווען אויף איהם!..

דאס ווייזט וויא וויט דיא וועלט איז נאך הינטער־זיך, און וויא הויך איך דארף שעטצען מיין פאלק, אז מיט טויזענדע יאהרען צוריק האט ער געפרעדיגט דאס וואס דיא היינטיגע ציוויליזירטע וועלט שטאלצירט דערמיט, אין האט עס נאך ניט זוכה געווען צוא מקיים זיין...

רבותי! היינט ווער איך א איד מיט׳ן פולען בעוואוסטזיין, אז איך שטעה צוא אלס מיטגליעד צוא א מארטירער־פאלק וואס ליידעט פאר דער וואהרהייט און ווערט בעדעקט מיט פינסטערנים דערפאר וואס ער האט בע־לויכטען דיא וועלט מיט מענשען ליעבע און מאראל.

א סך חכמים און ליכטיגע זעעלען זיינען אויף אונזער ערד פערפאלגט געווארען וייל פינסטערלינגע האבען ניט פערשטאנען זייערע אידעען און אידעאלען; אבער מיין פאלק האבען אלע פערשטאנען, זייא האבען אבער

## FOR A BAR-MITZWA.

By M. M. Dolitzky.

Ladies and Gentlemen:

To-day I become a Bar-Mitzwa. To-day is the holy day when I become initiated as a member of the Jewish nations.

I feel very proud and happy. Proud because of the beacon of light that my nation has lit for all humanity, and happy because I am initiated amongst the people who will never perish. Oh! how inspired I am with the feeling that I become to-day a banner-bearer of "Love thy neighbor as thyself"! How beautiful it is to present to the world such a lesson!

It is beautiful indeed, but it is also painful to perceive how all have learned of my people and there is no one to reciprocate it to my people.

This proves how far behind the world yet stands and how much I have to appreciate my own people. Thousands of years ago, my nation preached what the present civilized world prides itself with, and still does not act accordingly. Ladies and gentlemen, to-day I become a Jew, conscious of the fact that I am initiated as a member of a martyred people that suffers for the truth and is being covered with darkness because it has given light to the world—the light of philanthropy and morality.

Many wise men and many lofty souls were persecuted on this earth because bigots did not comprehend their ideas and ideals. My people were, nevertheless, understood by all, but the bigots

געוואלט פעראייניגען זיינע אידעען צוא זיך און צוא זייערע געטטער...

זיי האבען געדרעהט דעם „ואהבת לרעך", געדרעהט און געפלאנטערט, זייא האבען איהם אזוי ווייט אידיאליזירט ביז זייא האבען אונז געהייסען אנ־שטעלען דיא רעכטע באק ווען מיר קריגען פעטש אין דער לינקער... אך וויא שעהן דאס איז! לעבעדיגע עדות דערצו, זיינען דיא פגראמען אין קעשענאוו און אדעסא... דאס האט מען לעבעדיגערהייט געמאָרדעט אידען וואָס פרעדיגען „ואהבת לרעך כמוך", וועמעס תורה מען האָט אַזויא שעהן גענאַשט און איבער־גענימצעוועט.

דאָס אַליין איז שוין גענוג מיך צוא בעגייסטערען פאַר מיין פאָלק, מיין מערטירער־פאָלק וואָס ליידעט פאַר זיין עהרליכקייט און אידעאַליזמוס!

מיין רעליגיאָן וואָס איך נעהם היינט אָן איז ריין פון מענשען־בלוט. זי פערדעקט ניט מיט איהרע פאָלעס אַזויא פיעל מיליאָנען אונשולדיגע קרבנות, וויא דיא וואָס האָט אַזויא פיעל בע'גנב'עט און בע'גזל'ט אונזער אידישער רעליגיאָן און ענדליך ווילט זיך איהר פערניכטען דעם אידען מיט זיינע היס־טאָרישע בלעטטער צוזאַממען כדי מען זאָלל שפּעטער ניט וויסען אַז זיא איז נאָכגעטאַנצט און נאָכגעמאַכט...

יאַ, מיינע פריינדע! איך ווער פון היינט אָן אַ איד; אָבער ניט אַ איד מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקען צו מקבל זיין אומזיסטע קלעפּ. איך ווער אַ איד צו קעמפּפען פאַר דיא רעכטע פון מיין נאַציאָן, מאָראַליש און פיזיש... איך ווער אַ מכבי, אַ חשמונאַי!

הורייא! פאַר'ן יודענטהום מיט זיינע העלדען!

---

wanted to unite our ideas with their heathenism.

They (the bigots) have turned the "Love thy neighbor," and entangled it, stretched and idealized it, until they told us to turn our right cheek when we are cuffed on our left.

Oh! how beautiful that is! As living witnesses thereto, are the progroms of Kisheneff and Odessa. There the very same Jews that preached "Love thy neighbor as thyself" were murdered; there the very same Jew was killed whose Thorah they have corrupted and turned topsy-turvy.

This alone is sufficient to inspire me for my people, my martyred people, that suffered for its honesty and idealism.

The religion that I accept to-day is a pure one, it has no spots of human blood. My religion does not cover with its mantle millions of innocent victims, as the one that stole and robbed our Jewish religion and desires ultimately to exterminate the Jew, together with his history, so that it should not be known whom it has imitated and wherefrom it has sprung.

Yes, my friends, from now on I become a Jew; but not a Jew with a bent back, to receive innocently the slings and arrows of outraged fortune. I do become a Jew to fight for the rights of my nation, morally and physically.

Hoorah! for Judaism and its heroes!

# פאר א בר־מצוה.

## פון הלל מאלאכאווסקי.

פרינציפעל פון אפטאונער תלמוד תורה

---

טהייערע עלטערען, פאָטער און מוטטער און ווערטהעס פובליקום, דאַמען און הערּרען!

הייטע איז מיין טאָג. און דיעזער טאָג איז בייא מיר אַ יום טוב אין צווייען, ערשטענס איז הייגט מיין געבורטסטאָג, און צווייטענס בין איך הייגט געוואָרען דרייצעהן יאָהר אַלט; איך בין געוואָרען בר־מצוה, און איך בין שוין אַ איד מיט אייך אַלעמען צוגלייך, דער צעהנטער צוא אַ מנין און דער דריטער צוא אַ מזומן, און איך בין מחויב אין דיא מצוות און דיא דינים, וואָס יעדער איד דאַרף אפהיטען.

הייטע טרעט איך אַריין אַלס מעמבער, אַלס מיטגליעד אין דעם גרויּ־סען, אַלטען און הייליגען אָרדען, וועלכער רופט זיך „ישראל“ און בין פערּ־בונדען מיט אַ הייליגען באַנד צוא אַללע מיינע רעליגיאָנ׳ס ברידער אין דער גאַנצער וועלט. און מיין ליעבער פאָטער, וועלכער איז ביז יעצט געוועזן פעראַנטוואָרטליך פאַר מיינע מעשים, זאָגט יעצט מיט שטאָלץ און מיט פערגעניעגען: „ברוך שפטרני מענשו שלזה“, דאָס הייסט: אַ דאַנק גאָט, וואָס איך בין פטור געוואָרען צוא ליידען פאַר מיין זוהנ׳ס חטאים און זינד.

אָה! מיין האַרץ איז פול מיט פרייד, און מיט שרעק. איך פרעה מיך, וואָס איך בין געוואָרען אוים קינד, איך בין געוואָרען אַ זעלבסט־שטענדיגער מענש, און אַ מיטגליעד צוא אונזער נאַציאָן, אָבער ווען איך בעטראַכט נאָר דיא שווערע פליכטען, וועלכע עס ליגען יעצט אויף מיר און די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט מיינע, שוידערט מיין לייב און עס ציטערט מיין נשמה. מיינע עלטערען זיינען נים מעהר מחויב אויף מיר אַכטונג צוא געבען און איך אַליין בין נאָך זאָ יונג און אונערפאַהרען און אונפּראַקטיש, דער קלענ־

## FOR A BAR MITZVAH.

By H. Malachovsky

Dear Parents, Ladies and Gentlemen:

This is my day. I have a two-fold celebration: first, it is my birthday, and secondly, I became a Bar Mitzvah, a full-fledged Jew, the tenth to a minian and the third to a mezumen. I am also in duty bound to perform all laws and regulations as every Jew does.

To-day I enter as a member in the great, old and holy order called Israel. I become united with all my co-religionists throughout the world. My dear father, who until now was responsible for my deeds, proudly declares, "Good riddance from this punishment."

My heart is full of pleasure as well as of fright. I am pleased because I have stepped out of childhood, because I became an independent man and a member of our nation. But when I regard the heavy burden which rests now upon me and my great responsibilities, I shudder for fright. My parents are no more my spiritual guardians and I am so young and inexperienced that a light blow

סטער ווינטעלע קען מיך פערטרייבען אין דעם וויטען ים פון לעבען ; דיא שרעקליכע וועללען פון אירטהום , דיא מורא׳דיגע חוואליעס פון שיקזאל האלטען אפען זייער מויל מיך איינצושלינגען , צוא פערשלעפען אין דעם תהום פון זינד, אין דעם שאל תחתיה פון פערברעכען, נאר דיא אויג פון א גוטען קאפיטאן קען מיך אפ־היטען פון איין אונגליק , נאר דיא השגחה פון מיינע גוטע עלטערען קען מיך רעטען איך זאלל ניט פערבלאנזען אין דעם גרויסען מדבר פון לעבען.

אה ליעבע עלטערען, פאטער און מוטער.

מיט וואס קענן איך אייך אפ־דאנקען פאר דיא פיעלע גוטעס , וואס איהר האט מיט מיר געטאהן ? דרייצעהן יאהר האט איהר אייער לעבען געאפפערט פאר מיר, איהר האט מיך אפגעהיט וויא דיא שווארצאפעל פון אייער אויג , פיעלע נעכט צו־ליעב מיר ניט געשלאפען, פיעלע טעג פער־בראכט צו-ליעב מיר אין טרויער , איך, אלס קינד, האב ניט פערשטאנען צוא שעטצען אייער מיהע און אייער ווארימע השגחה אויף מיר , איך האב נאך פיעל מאל געזינדיגט געגען אייך , איך האב פיעלע מאל פעראורזאכט אייך שמערצען, איך האב ניט פערשטאנען וויא געהארכזאם צוא זיין , וויא צוא ערפיעלען אייער וואונש , וואס דאס איז אייגענטליך געווען פון מיין טובה וועגען. אבער איהר גוטע עלטערען, האט אלעס געדולדעט , איהר פלעגט אימער פערצייהען , מוחל זיין , און אז איהר האט מיר א מאהל בעשטראפט , איז דאס געווען מיט ליעבשאפט , מיט רחמנות ; „כרחם אב על בנים" און אייער מיהע איז ניט געווען אומזאנסט, אייער גוטע ערציהונג, וואס איהר האט מיר געגעבען, האט געבראכט גוטע פריכטע, איהר האט מיך אליין געלערענט און האט געדונגען פאר מיר גוטע לעהרער און האט מיר פערזארגט מיט אללעם גוטעס , ביז איהר האט דער לעבט צוא זעהן דעם נחת, צוא זעהן מיך, אייער זוהן, שטעהענדיג דא אויף דעם היילינען פלאט־פארעם צוא האלטען מיין רעדע צוא מיין בר מצוה.

יעצט הויב איך אן צוא פערשטעהן וויא צוא שעטצען דיא גוטעס, וואס איהר האט מיט מיר געטאהן ; דאנקען אייך בין איך ניט אין שטאנד, נאר איך זאג אייך צוא , אז איך וועל מיך בעמיהען צוא זיין דאס , וואס איהר

of wind might drive me far out into the sea of life, into the frightful billows of mistakes. The tremendous billows of fate keep their mouths ready and open to drag me down into the abyss of sin, into Sheol of crime, but the eye of a good captain could keep me from shipwreck; only the care of my good parents can save me, that I might not be led astray into the great wilderness of life.

Dear parents, how can I thank you for all the good which you have done to me? For thirteen years you have been sacrificing your lives for me, you have cared for me as for your very eyes. I have given you many sleepless nights and many troublesome days. As a child I could neither understand nor appreciate your loving care for me. Many a time I have sinned against you, I have caused you sorrow; I did not understand how to be obedient to you, how to fulfill your wishes, which, by the way, were for my own benefit. But you, good and dear parents, have patiently borne all this. You have always forgiven me, and even when you inflicted punishment upon me it was with love and kindness. And your troubles were not in vain. Your good instructions which you have given me have borne noble fruits. You have taught me yourselves and hired the best teachers for me. At last you live to see the results; you live to see your son standing upon this holy platform and talking to you on his Bar Mitzvah day.

Now I begin to understand and appreciate all the good which you have done toward me. I cannot thank you, I am not capable of doing it, but I will try my best to be that which you wish me

פערלאַנגט פון מיר צוא זיין, איך וועלל געהן אין דעם וועג אין וועלכען איהר האָט מיך געפיהרט ביז יעצט, איך וועלל זיין אַ איד מיט'ן גאַנצען הארצען און מיט מיין גאַנצער נשמה. נאָר איהר, גוטע עלטערען, זאָלט מיך העלפען, אַבוואָהל איהר זייט שוין מעהר ניט מחויב. נעהמט ניט צוא דיא השגחה אייערע פון מיר, ווייל אונטער אייער השגחה, וועט מיר זיין פיעל גרינגער צוא ערפיעללען מיינע פליכטען צוא מיין רעליגיאָן און צוא מיין נאַציאָן, צוא אונזער תורה און שטודירען אונזער וואונדער־באַרע געשיכטע.

איך בין אַ איד! אך, וויא הערליך עס קלינגען דיעזע ווערטער אין מיינע אויערען! איך בין אַ קינד צום עוויגען פאָלק, וועלכעס גלויבט אין דעם עוויגען גאָטט. איין גאָטט אויף דער גאַנצער וועלט „אלקים" און איין פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט „ישראל". און ישראל איז אויסערוועהלט געוואָרען פון גאָט צו היטען דיא איינציגע תורה וועלכע לערענט דעם מענ־שען וויא צו לעבען גליקלאַך אויף דער וועלט. אַ תורה וואָס פרעדיגט נאָר גוטעס און ערהאַבענעס, אָרענטליכקייט, פרייהייט און גלייכהייט. און פאַר דעם הייליגען אידעאַל פון דער תורה שטעלט איין דאָס פאָלק ישראל זיין לעבען.

כי תלך במו אש לא תכוה, ומים לא ישטפוך, ולהבה לא תשלוט בך. פאַר זיין תורה און פאַר זיין גאָטט, געהט ישראל אין פייער און ווערט ניט פערברענט, אין וואַסער און ווערט ניט דערטרונקען. פיעלע טויזענטער און צעהן טויזענטער פון מיין פאָלק האָבען זייער לעבען געאָפּפערט פאַר זייער תורה; פייער און שווערד, הונגער און מאָרד האָבען זיי ניט געקענט צווינגען צוא זיין פאַלש צוא זייער גאָטט און צוא זייער הייליגער תורה, ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט זיינען זייא געוועזען טרייא צוא זייער רעליגיאָן און זייערע נשמות זיינען אויסגעגאַנגען שרייענדיג „שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד"!

יאָ, אידיש בלוט איז גערונען געוואָרען וויא וואַסער אין אַללע צייטען און אין אַלע לענדער. אָבער דאָס אידישעס פאָלק לעבט, עס האָט געלעבט און עס וועט לעבען איין עוויגען לעבען. און איך אַלס איד וועל איך זיין טרייא צו מיין פאָלק מיין גאַנצען לעבען, איך וועל מיך מיהען צו זיין איין אָרענטליכער איד צוא מיין פאָלק און אַ גוטער בירגער צוא דעם לאַנד וואו

to be. I will tread on the path upon which you have led me till now; I shall be a Jew with all my heart and soul. You, only, my good parents, must continue to be my spiritual guardians although you are not supposed to. Do not take away from me that guardianship, for with it, it will be easier for me to fulfill my duties to my religion, to my nation, to our Thorah, and to the study of our wonderful history.

I am a Jew! How wonderfully these words re-echo in my ears. I am a child of the eternal nation that believes in the eternal Lord. There is but one God, Elokim; there is but one nation, Israel. And Israel was chosen by God to keep the Thorah which teaches humanity how to live happily in this world. A Thorah which preaches goodness, loftiness, uprightness, liberty and equality, is unequaled, and for this holy ideal of the Thorah the Jewish people put their lives at stake.

"Even if thou walkest in fire, thou shalt not burn, water shall not flood thee and flames shall not approach thee." Thousands, aye, tens of thousands of my people have sacrificed their lives for the Thorah. Fire and sword, hunger and pillage could not compel the Jew to be false to his God and to his holy Thorah. Unto his last drop of blood he remained true to his religion, and his soul departed while his lips murmured, "Hear O Israel, the Lord, our God, is one God!"

Aye, Jewish blood was shed at all times and in all countries, but the Jewish nation still lives and will continue to live forever. As a Jew, I will be true to my people for the rest of my life. I will endeavor to be an honest Jew, to be an honest member of my

איך וועל וואָהנען. איך וועל ליעב האָבען אונזער היילינגער שפּראַכע לשון הקדש, און וועל שעטצען אונזער אַלטע ליטעראַטור דעם תלמוד, און וועל האָבען דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר אונזערע געלעהרטע און געבילדעטע פון יודענטהום.

אָה, גאָט! שיק דיין ברכה פון דיין פוללער האַנד צוא מיינע ליעבע טהייערע עלטערען, פאַטער און מוטער, דערלעננגער זייערע יאָהרען, זייא זאָלען קענען זעהען נחת אָן זייערע קינדער און קינד'ס קינדער, בענש זייער הויז מיט רייכטהום און גליק, געזונד און צופרידענהייט, בענש מיינע שוועסטער און ברידער, אָנקעלם און טאַנטעס און אונזער גאַנצער משפחה. שיק דיין ברכה, אָה גאָט, צוא דעם פּובליקום, וואָס שטעהט דאָ יעצט מיט מיר אין דיעזער שוהל, בענש מיינע לעהרעם און אַלע מיינע גוטע פריינד צוזאַמען מיט מיין גאַנצען פאָלק ישראל, וועלכער איז פערשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט, און מיר זאָלען דער־לעבען אין גיכען אַ ישועה און אַ גאולה אויף אַלע אידען, אמן.

# א פּאַר ווערטער

## פיר דעם אבי בר־מצוה בייא א גלעזעל משקה

לחיים, רבותי, און טהייערעס פּובליקום!

ווייא זאָגט איהר, מיינע ווערטהע הערען? דאַרף מען ניט נעמען אַ־ביסעל משקה אַ ראָפּ־וואַרפענדיג פון זיך אַזאַ שווערען פעקעל? דאַנקען גאָט, מיין בר־מצוה האָט היינט (פּאַרינגען שבת) געמאַכט גאָר נישקשה'דיג, ס'איז געוועזען אַ שעהנע שטיקעל אַרבייט, לייענען אין דער תורה, זאָגען דעם מפטיר אין נביא, און נאָכהער דיא רעדע אין אידיש און אין ענגליש, מיינט איהר דאָס האָט איהם פיעל גענומען? אָסור! אַז ער וויל נאָר, איז בייא איהם קיין זאַך ניט שווער.

און יעצט דוא מיין זוהן, קום נאָר אַהער און גיב אַ קוש דיין טאַטען! איך האָב עס פערדינט ביי דיר ווי דו אַליין האָסט געזאָגט אין דיין דרשה...

געדענק זשע! דוא זאָלסט ערפיללען, וואָס דוא האָסט צו געזאָגט אין דיין רעדע, זאָלסט זיין אַ איד מיט לייב און זעלע, זאָלסט זיין אַ שטאָלץ פאַר'ן יודענטהום און א ברכה פאַר דער מענשהייט. בעדאַנק, מיין קינד, דיא געסט פאַר דיא פרעזענטען!

לחיים רבותי, גאָט זאָל געבען. מיר זאָלען אַלע דערלעבען טרינקען אויף שמחות, ישועות ונחמות אויף אידען, לחיים!

people, and a good citizen of the country wherein I live. I shall love our holy tongue, I shall appreciate our old literature, the Talmud, and I shall pay due respect to the teachers and learned men of Judaism.

O Lord! send thy blessings to my dear parents, prolong their lives, so that they may enjoy the pleasures of their children, and children's children. Bless their house with riches and prosperity, health and contentment. Bless my sisters and brothers, uncles and aunts, and our entire family. Send thy blessing, O Lord, to these assembled here; bless my teachers and all my friends, together with the people of Israel, spread now throughout the world. Let us live to see the salvation and liberation of all Israel. Amen.

## FATHER'S SPEECH AT HOME.

*Prosit,* my dear friends. It behooves indeed a father to imbibe a little after having thrown off such a heavy burden. Thank God, my Bar Mitzvah has done well. It was a pretty hard labor to recite in the Thorah, recite the Maphtir in the prophets, and then deliver his speeches in two languages. Do you think it took him long to learn all this? Oh! no! he has an excellent head on his shoulders, and for what he is bent to do he does in no time.

Now, my son, come and kiss your father. I deserve it, as you yourself said in your speech.

Remember, you shall fulfil all that you have said in the synagogue. Be a Jew with your life and soul. You shall be the pride of Judaism and a blessing for humanity.

*Prosit,* my friends. Let the Lord Almighty help us all to live and drink at festivals and at pleasures of Israel's salvation.

# פאר א בר־מצוה!

## פון רייכערזאהן.

---

ליעבע טהייערע עלטערען און ווערטהע פערזאמעלטע!

מיט פערגעניגען אויף מיין געזיכט, מיט פרייד אין הארצען און מיט דאנקבארקייט צוא מיינע טהייערע עלטערען, געה איך יעצט בעטען פון אייך, איהר ווערטהע פערזאמעלטע, איהר זאלט מיר אויסהערען איינינע מינוטען אין דיזען הייליגען טאג ווען איך ווער אריינגעפיהרט אין די גרויסע אלטע אידישע אלליאנץ, אין דעם דיענסט פון גאטט פון ישראל.

יא, איך בין היינט בר־מצוה — איך טרעט ארויס אלס איד אויף מיין איינענע פעראנטוואָרטליכקייט, און בייא דיעזע הייליגע געלעגענהייט וויל איך אייך געבען דיא פראגראמע פון מיין אידישקייט. איך געה אייך יעצט ניט בעלעסטיגען מיט דרשות, מיט מאראל און מוסר, דענן וויא אלט בין איך אין גאנצען? וויפיעל שכל אין בילדונג האב איך דענן, איך זאל וואגען צו געהן פערדיגען פיר אזא פערעכטיגען עולם פון לומדים, חכמים, געבילדעטע מענער און פרויען? אללעס וואס איך וויל אייך מיטטהיילען איז בלויז וויא וויים איך בעגרייף מיינע נייע פליכטען אלס איד.

מיט 13 יאהר צוריק ווען גאטט האט מיר ארויסגעשיקט אויף דער וועלט און האט בעשטימט איך זאלל זיין א מיטגליעד פון אידישען פאלק, דאן האט דיא געטליכע השגחה אויך בעשטיממט אז איך זאלל האבען גוט־הערציגע עלטערען וואס זאללען מיר בילדען, און דערפאר בייג איך מיין קאפף מיט הייליגען רעספעקט פאר דעם וויללען פון דעם ארכיטעקט פון דער וועלט.

איך וועלל זאגען מיט דיא ווערטער פון נביא ישעיה! "הלא ידעת אם לא שמעת אלהי עולם ד׳ בורא קצות הארץ לא ייעף ולא ייגע, אין חקר לתבונתו". (ישעיה מ׳) „האסט דו דענן ניט אויסגעפארשט אדער וויינינגסטענס

## FOR A BAR-MITZWA.

By Reicherson.

My Dear Beloved Parents and Esteemed Congregation:

With pleasure on my countenance, with joy in my heart and with gratitude to my dear parents, I will request this worthy congregation to listen to me for a few minutes on this holy day when I am being initiated in the great, old Jewish alliance, in the service of the God of Israel.

Aye, to-day I am a Bar-Mitzwa—I appear as a Jew on my own responsibility, and during this sanctified occasion I will present to you the program for my Jewishness. I will not trouble you with preaching, with morals and teachings, for I am not old enough nor have I sufficient wisdom and education to dare to preach in the presence of such a congregation consisting of learned men, wise and intelligent ladies and gentlemen. All I want to tell you is how I conceive my new duties as a Jew.

Thirteen years ago, when God sent me into this world and destined me to become a member of the Jewish people, then Providence destined also that I should have good-hearted parents who should educate me, and therefore I bow my head with holy respect for the word of the Architect of the universe.

I will now repeat the words of the prophet Isaiah: "Hast thou not known, hast thou not heard that the everlasting God, the Lord, the Creator of the ends of the earth, fainteth not, neither is weary. There is no searching for his understanding." In my short career of thirteen years I had very little time to search for the Deity with my

געהערט אַז דער הערר פון דער וועלט וועלכער האָט בעשאפען די ערד פון ברעג ביז ברעג, ער רוהט ניט און זיין חכמה איז אונבעגרייפליך פאַר אונז מענשען״. אין מיין קורצע קאַרריערע פון 13 יאָהר האב איך וויניג צייט געהאַט צו פאָרשען די גאָטטהייט מיט מיין אייגענעם קינדישען שכל—אָבער איך האב געהאַט גענוג געלעגענהייט צו הערען פון מיינע אידישע לעהרער און פון מיינע עלטערען וועגען גאָטט׳ס געבאָט, דיא הימלישע קרוין פון אונזער אונשטערבליכען יודענטהום און דיעזע אַללע לעקציאנען וועגען אונזער אמונה, האבען ערוואַכט אין מיר היינט ווען איך האָב צום ערשטען מאהל אין מיין לעבען עולה לתורה געווען!

איך דער מאָן זיך היינט דיא עלף ווערטער פון חומש „היום הזה ד׳ אלהיך מצוך לעשות את החוקים ואת המשפטים״ (תבא) היינטיגען טאָג זאלל איך אָבהיטען אַללע זיינע געזעטצע און דיא פארשריפטען. און איך וועל זיך דיא גרעסטע מיה געבען ווייטער אין מיין לעבען ווירקליך אָב־צו־היטען מיט בעגייסטערונג דיא געזעטצע וועלכע ציהען אַריין אין קראַפט פאַר מיר פון היינט אָן. איך וועלל געהן אין דעם זעלבען וועג אין וועלכען איהר מיינע ליעבע עלטערען זיינען געגאַנגען, דער וועג פון אונזערע אלטע אבער אימ־מער נייע אמונה פיר וועלכע אונזערע עלטער זיידעס זיינען געגאַנגען אין פייער און אין וואסער.

דאס איז אללעס וואס איך האב געהאַט צוא זאגען וועגען מיין בעגריף אין אידישקייט. ווייטער בעט איך דעם אַללמעכטיגען ער זאָל געבען לעבען און גליק צוא מיינע טהייערע עלטערען, זייא זאללען האבען ווייטער נחת פון מיר, זאלל זייא גאטט געבען קראַפט, געזונדהייט, הצלחה, נחמה, פריעדען און אַריכת ימים, זייא זאלען זוכה זיין צוא זעהן וויא זייערע קינדער און קינד׳ס קינדער פערשאפען כבוד דעם יודענטהום, — אמן.

own childish understanding, but I had sufficient opportunity to hear from my Jewish teachers and from my parents concerning God's commandment. The heavenly crown of our immortal Judaism and all lessons concerning our religion have appeared before me to-day, when I have been for the first time called up to the Thorah.

I reminded myself to-day of the words of the Pentateuch: "This day the Lord thy God tells thee to perform His laws and commandments." I will do my utmost during my life to observe with inspiration the laws which give me new power and might from to-day on. I shall walk in the same path upon which you, my dear parents, have walked; the path of our old but always new religion, for which our forefathers went through fire and water.

This is all I have to say concerning my conception of Judaism. Further on I pray to the Almighty to grant life and happiness for my dear parents, so that they may rejoice in me. Let the Almighty God give them power, health, prosperity, consolation, peace and longevity, so that they may live to see their children and children's children giving honor to Judaism.

# פאר א בר־מצוה.

## פון חיים ליבערמאן.

טהייערע עלטערען און פריינד!

איך ווייס ניט וויא רופט מען דעם געפיהל, וואס איך פיהל אין מיין הארצען יעצט, אין דעם מאמענט ווען איך ווער דרייצעהן יאהר אלט, ווען איך הייב אן צוא טראגען אויף זיך דעם נאמען „בר דעת“, ווען איך האב געהערט מיין פאטער „פטר׳ט“ זיך אב פון מיר און איך ווער א זעלבסט־שטענדיגער מענש, אליין פעראנטוואָרטליך פאר אלע מיינע טהאטען פאר גאט און פאר לייט. וויא רופט מען א געפיהל וואס איז צוזאממענגעשטעלט פון בעגייסטערונג און עהרפורכט? ווען די הארץ איז בעגייסטערט פאר דעם, וואס עס שטעהט איהר פאר, און צו דער זעלבער צייט ווערט זיא בייא זיך אליין בטל צוליעב דער גרויסקייט, ערהאבענהייט, פון דער זאך, וואס עס שטעהט איהר פאר.

וויא גרויס, וויא ערהאבען, וויא פאטעטיש עס איז דער געדאנק, דאס איך, א יונגעס אונשולדיגעס דרייצעהנ־יעהריגעס קינד, נאך מיט דער מוטער׳ס מילך אויף מיינע ליפען, נאך ניט אויסגעריבען דיא אויגען פון דיא קינדערשע חלומות, נאך טיעף פערזונקען אין קינדערשע פאנטאזיעס, אהן קיין ערפאה־רונג אין לעבען, ווער פלוצלונג א „בר דעת“, א מאן, וועלכער איז אליין פיר זיך פעראנטוואָרטליך און וועלכער דארף אנפאנגען צו פיהלען די פליכט פון דעם אמת׳ן ווירקליכען לעבען! וויא ערהאבען דיעזער געדאנק איז, אבער אויך וויא שמערצליך, וויא טראגיש ער איז!

מערקט אייך! דאס לעבען, דאס ווירקליכע לעבען גופא, נעהמט נאך מיר ניט אויף אין זיין מיטטע אלס א מענשען פאר זיך; פאר דער געזעל־שאפט בלייב איך נאך א צייט לאנג דער זעלבער „קליינער אונערפארענער יונגע“ נאך דיא דרייצעהן יאהר וויא פאר זייא; אין לעבען בלייב איך נאך א צייט לאנג אבהענגיג און פעראנטוואָרטליך פאר מיין פאטער און מוטער; דיא מענשהייט נויטהיגט זיך ניט אין אזעלכע „דרייצעהן־יעהריגע מענשען“.

## FOR A BAR MITZVAH.

By H. Leberman.

My Dear Parents and Friends:

I do not know what they call that sentiment which I feel now awakening within my heart. In the moment when I become thirteen years of age, when I begin to bear the name "sensible being," and when I hear how my father declares me an independent fellow, I being alone responsible for my acts toward God and man—how do you call such a sentiment composed of inspiration and noble awe? When the heart is inspired and in the meantime it trembles before the immensity and greatness of the thing which you have to meet?

How great, how magnificent, how poetic is the thought, that I, a young, innocent thirteen-year-old child, with my mother's milk still on my lips, with my eyes still unrubbed of my childish dreams, still sunken in childish fantasies, without any experience in life, become suddenly a "sensible being," a man who is responsible and begins to feel the duties of true and actual life! How magnificent this thought is, but also how painful, aye, how tragical!

Mind you! Life, actual life, does not as yet accept me as a man in its midst; for society, I shall remain for a long time, the very same inexperienced youth: in life I still remain dependent and responsible to my father and mother. Humanity is not in great need of thirteen-year-old men. But Judaism accepts me as soon as

דאָס יודענטהום אָבער נעהמט מיר אויף זאָ שנעל וויא איך ווער דרייצעהן יאָהר אלט! דרייצעהן־יעהריגע אידען! איז דאָס ניט מערקווירדיג?

איך בין שטאָלץ אויף דעם, וואָס שוין צוא מיין דרייצעהן־יעריגען געבורטס־טאָג אנפערטרויט מען שוין אויף מיר זעלבסט די זאכע פון מיין הארץ, פון מיין געוויסען; איך בין שטאָלץ אויף דיא אידישע קינדער, וואָס שוין צו זייער דרייצעהנטען יאָהר קענען זייא אריינטרעטען אלס „אקטיווע סאָלדאטען" אין דער אידישער ארמעע; עס רייסט מיר אָבער דאָס הארץ אויף די אידישע קינדער, וואָס שוין צו זייער דרייצעהנטען יאָהר דארפען זיי שוין ווערען אידען, אין דעם ביטערען און טראגישען זינן פון דיעזען וואָרט...

אָט דאָס זיינען די געפיהלען וואָס פּיללען יעצט אָן מיין הערצען. אָבער איך שטאָלציר צו גלייכער צייט וואָס איך קען דאָס יודענטהום, א דאנק צו מיינע ליעבע עלטערען וועלכע האָבען מיר געלאָזט אונטעריכטען די פּרינציפּען פון אונזער אמונה וויא דער תלמוד זאָגט ושננתם לבניך, שיהיו דברי תורה מחודדין בפיך, אם ישאלך אדם אל תגמגם ותאמר לו אלא אמור לו מיד, (קדושין). און דיעזען מאָמענט ווען איך ווער א פעראנטוואָרטליכער איד, אין דעם מאָמענט ווען מיין פאָטער זאָגט: „ברוך שפטרני", אָט אין דיעזען מאָמענט, הייב איך אויף מיין האנד, און אלס זעלבסט פעראנטוואָרטליכער איד, שווער איך אז איך וועל טרייא בלייבען דיא הייליגע פּרינציפּען פון אונזער אמונה וואָס האָט אונז ליכטיג געמאכט אין די לאנגע נאכט פון גלות.

און אזוי: אָט פון דיעזען פונקט, אויף וועלכען איך שטעה יעצט, וועל איך זיך אוועק געהן מיין וועג אין לעבען; מיט צופריעדענהייט נעהם איך אויף זיך די פעראנטוואָרטליכקייט אַלס איד און אלס מענש, וואָס דאָס אידישע פאָלק און איהר, מיינע ליעבע עלטערען, האָט אויף מיר היינט ארויפגעלעגט. איך וויים אז דער וועג פון לעבען איז פול מיט בלומען, אָבער זייא זיינען ארומגעוואקסען פון אללע זייטען מיט דערנער. א קראנץ וויל איך אָט פון דיעזע בלומען אויספלעכטען אויף אייער קאפּ, מיינע ליעבע עלטערען, און אויף דער קאפּ פון מיין טהייערען פאלק. איהר מיינע עלטערען, האט שוין לאנג דורכגעמאכט דאס וואס איך דארף ערשט דורכמאכען, איהר האט שוין געריסען די בלומען אויף'ן וועג פון לעבען און איהר זייט שוין פול מיט ערפאהרענהייט. זייט זשע מיינע בעשיטצער ביי מיין ארויסטרעטען אין לעבען און זאל אייער ערפאהרענהייט איבער מיר אימטער וואכען און אוועקמאכען די דערנער ביים קלייבען די בלומען.

I become thirteen years of age. A thirteen-year-old Jew! Is not this remarkable?

I am very proud that at the end of my thirteenth year I have been entrusted with the cause of my heart, of my conscience. I am proud of the Jewish children who, at the age of thirteen, may enter into the active service of the Jewish army. But I am very much pained that such young children must become Jews in the bitter and tragical sense of the word.

These are the sentiments that fill up the cavity of my heart. But, in the meantime, I am proud of the knowledge of that Judaism. Thanks to my parents, who had me taught the principles of our religion, as the Talmud says, "And ye shall teach it to your children, so that the words of the Thorah should always be ready in their mouths, and if a man asks you anything, thou shalt not stutter, but reply readily." In this moment when I become a responsible Jew, in this moment when my father says, "Good riddance,"—in this very moment I raise my hand as a responsible Jew and swear that I will remain true to the holy principles of our religion, which was our beacon-light through the long nights of our dispersion. And from this stage upon which I now stand, I will commence my way in life. Satisfied I take upon myself the responsibility of Jew and man, which both you, my parents and my Jewish people, have put upon me to-day, I know that the way of life is full of flowers, but also beset with thorns. A wreath of flowers I shall put on the heads of my dear parents as well as upon the head of my dear people. You, my dear parents, have passed already that path which I have to tread; you have plucked already the flowers from the path of life, and you are full of experience. Be you my protectors at my appearance in life; let your experience watch over me and point out the thistles while I pluck the flowers.

# פאר א בר־מצוה.

פון מיכאל־כתבא.

טהייערע עלטערן,ליידיס און דזשענטעלמען!

הייטע ווער איך בר־מצוה און הייטע איז מיין יום טוב.

פון הייטע אן פיהל איך מיך, אז איך בין שוין א גרויסער, א מענש מיט אלעמען צו גלייך; ווען ניין אידען געפינען זיך צו זאממען, זיינען זיי נאך ניט בערעכטיגט צו מאכען א ברכו און א קדושה, בין איך אבער דער צעהנטער דער ביי, קען מען שוין דאווגען בצבור. יא, איך בין א איד מיט אייך אלעמען, וואס געפינען זיך דא, צו גלייך, און דאך בין איך נאך אלץ ניט מעהר וויא א קינד. וואס פיר א בעטרעף האבען דיא ערשטע דרייצעהן יאהר פון מענשענס לעבען? דיא ערשטע זעקס יאהר פליהן דאך אוועק אין גאר נישט, און דיא אנדערע זיעבען יאהר, ווען מען פאנגט אן מיט גוואלד דאס קינד צו לערנען, לויפען אויך אוועק זעהר שנעל. וואס וויים א קינד? עס פערשטעהט דאך ניט דיא גוטעס, וואס מען טוהט מיט איהם, ער דער רגז'נט דיא עלטערן, טוהט צו להכעיס דיא לעהרער און וויל זיין אימער וויא א פרייע פייגעלע, ארומלויפען און זיך שפיעלען. נאר יעצט פאנג איך אן צו פערשטעהן דיא גוטעס, וואס איהר גוטע עלטערן, האבען פאר מיר געטהאן. יעצט הויב איך אן צו בעגרייפען וויא טהייער עס האט אייך געקאסט מיין ערציהונג וואס איהר האט מיר געגעבען, — געזונד און געלט האט אייך געקאסט!

און איך בין געוועזן זא נאריש! איך האב גאר ניט פערשטאנען, איך האב פיעל מאל געטהאן זאכען, וואס האבען אייך געבראכט גרויסע שמערצען, אבער איהר פלעגט מיר אימער פערצייהען, וויל איהר האט געוואוסט, אז איך טהו עס ניט מחמת שלעכטסקייט, נאר מחמת נארישקייט, וויא געוועגליך א קינד אהן פיעל פערשטאנד.

און אייער ליעבשאפט איז צו מיר געוועזן אזוי גרויס און אזוי הייס

## FOR A BAR MITZVAH.

By Michael Scribe.

My Dear Parents, Ladies and Gentlemen:

I have become a Bar Mitzvah to-day and this is my holiday.

From now on I shall be a man equal to all. When nine Jews will come together and desire to pray, I shall be the tenth to fulfill the lawful number of a Minian. Aye, I am a Jew equal to all. Nevertheless, I am still a child. Of what account are the first thirteen years in a man's life? The first six years are of no significance. The other seven years when the child is compelled to learn things of which he has no practical knowledge do also vanish unnoticed. What, pray, does a child know? He has no conception of the good that has been done for him. He causes irritation to his parents, disobeys his teachers and wants to be as free as a bird, to fly, romp and play. Just now I begin to understand what my good parents have done for me. Just now I begin to conceive how dearly they have paid for my bringing-up.

Yes, my dear parents, I remember now what you have suffered

איך געדיינק וויא פערצווייפעלט איהר זייט געוועזן, מיינע ליעבע און גוטע עלטערן, ווען איך בין, ניט היינט געדאכט, קראנק געוועזן, דוא מיין פא־טער האסט געבראכען מיט דיא הענד, און דוא מיין מוטער ביזט געזעסען לעבען מיר און געשלונגען דיא טרעהרען, און דאכט זיך אז דוא האסט געוואלט אריינבלאזען אין מיר דיין נשמה, און איך האב געפיהלט אז אייער רחמנות און ליעבשאפט צו מיר, גיבען מיר צו קרעפטען אויסצו־האלטען מיינע יסורים, און איך בין טאקע פיללייכט געזונד געווארען מעהר דורך אייער ווארימע ליעבע צו מיר אלס דורך דיא דאקטיירישע רפואות.

און מיט וואס קען איך אייך אבדאנקען פאר אלעס? איך ווייס אבער, אז איהר פערלאנגט ניט פון מיר קיין דאנק, נאר איך זאל זיין געהארכ־זאם צו אייך, איך זאל זיין ווערטה צו זיין אייער זוהן, איך זאל מיך אויך אזוי גוט אויפפיהרען וויא איהר, מיינע גוטע עלטערן, איך זאל גוט לער־נען און טהאן גוטעס. דאס פערלאנגט איהר פון מיר, און דאס זאג איך צו, אז איך וועל מיך אנשטריינגען אז אייער וואונש זאל ערפילט ווע־רען.

אייגענטליך זייט איהר דאך שוין מעהר ניט פערפליכטעט מיך צו לערנען, דוא מיין פאטער, זאגסט דאך יעצט „ברוך שפטרני", און איך דארף פון היינט אן אליין פאר זיך אוועג אויסטרעטען. אבער איך ווייס אז איהר וועט פון מיר אייער השגחה ניט צו נעהמען, און איך נויטיג זיך אין אייער השגחה. איהר דארפט נאר אייער אויג אויף מיר האבען און איך וועל אימטער זעהן צו זיין צו אייך א גוטער זוהן, וואס פאלגט. און אז איך בין געוועזן א מאל איינגעשפארט און נאריש, וועט דאס ביי מיר מעהר ניט געשעהן, ווייל איך בין שוין בר־מצוה, דאס וועט מיך אימער דערמאנען צו יעדער צייט, ווען עס וועט ארויפקומען א שלעכטע מחשבה אויף מיין מח, איך וועל מיך בעהערשען ניט צו טאן קיין פערברעכען, איך בין בר מצוה און בין פעראנטווארטליך פאר זיך זעלבסט!

איך דארף פאר זיך אליין אויסטרעטען א וועג, אבער איך וועל טרע־טען אין דעם וועג, וואס איהר האט פאר מיר אויסגעקליבען, אין דעם וועג, וואס איהר הייסט מיר געהן. יעצט האט איהר מיר איבער געגעבען

during my illness. My father's pain was unbearable, and you, my mother, have swallowed your tears and were ready to give me your own life. Your love gave me the power to bear my sickness and helped me more than all the medicine of the physicians. How can I thank you for all this? I know that you do not expect any thanks of me. You want me to be obedient to you, that I may deserve to be your son and walk on the same path that you have trodden. I shall learn to be good and true. This is what you desire me to do, and I promise you to do my utmost to fulfill your wish.

As a matter of fact you are no more responsible to teach me. My father said to-day "Good riddance," and from this time on I must choose my own path. But I know that I cannot do anything without your guidance. I need you, I need your observant eyes, and I promise to be an obedient son. If I have been stubborn in the past that shall not be repeated again, and I shall always remember that I became a Bar Mitzvah responsible for my own acts.

I have to choose a way for myself, but I will walk on the path over which you will lead me. You have given me the keys to a

דיא שליסלען פון דעם גרויסען און מעכטיגען פאלאטץ, איך זאל דיא טהירען קענען עפענען. און אריין געהן אין דיא פרעכטיגע שעהנע צימערען. איך קען שוין אויפשליסען דיא טיהרען, איך ווייס שוין וויא ארום צו געהן מיט דיא שליסלען. און איך וועל אימער דעם פאלאטץ גוט היטען אז קיין גנבים זאלען אין איהם ניט אריין.

דער פאלאטץ איז דאס יודענטהום, דיא צימערן זיינען די פערשיעדענע אידישע וויסענשאפטען, רעליגיאן, געשיכטע און מדות טובות, די שליסלען זיינען דיא רעגלען פון דער העברעאישער שפראכע, דיא כללי הדקדוק. אצונד, דקדוק האב איך שוין געלערענט איך פערשטעהע שוין דיא העברע־אישע שפראכע אויף זא פיעל, אז איך קען שוין דורך קריכען א נייעם קאפיטעל תנ"ך וואו איך האב נאך ניט געלערענט, מיט דיא הילפע פון א העברעאישען ווערטער בוך און א גרינגען פירוש. דיא שליסלען זיינען שוין ביי מיר, יעצט וועל איך אנפאנגען צו בעזעטצען זיך אין דיא שעהנע צימערן פון פאלאטץ, איך וועל לערנען תנ"ך און תלמוד, אידישע גע־שיכטע און ספרי מוסר אום איך זאל וויסען, וואס יודענטהום פאדערט פון א אידען איך זאל קענען זיין א איד מיט'ן גוף און מיט דער נשמה. און וועל אימער היטען אז קיין שלעכטע מחשבות זאל זיך ניט אריינגנב'נען אין דעם טעמפעל פון יודענטהום.

אה! דיא אידישע געשיכטע האט מיר געעפענט מיינע אויגען, איך זאל פערשטעהן וויא שטארק דער גייסט איז ביי א מענשען וואס איז זעלבסט בעוואוסט, וואס איז איבערצייגט אין א ריינעם וואהרהייט. אונזערע עלטערן אין אללע דורות זייענדיג, איבערצייגט אין דעם ריינעם אידישען גלויבען, אין „אחדות הבורא", אין „אמת המוחלט", האט קיין זאך אין דער וועלט ניט געקענט שרעקען זיי זאלען זיך ענטזאגען פון זייער רעליג־יאן און פון זייער גאט. ניט פייער, ניט וואסער, ניט קלעפ און ניט שמיטץ האבען געקענט ביי זיי אוועק נעהמען זייער אמונה. געשטארבען, איין מאל געשטארבען, אבער געשטארבען אידען, שרייענדיג „אחד!" און וואס איך לעהרען מעהר דעם תנ"ך, וואס מעהר איך שטודיר דיא אידישע ליטעראטור, אלץ מעהר געפין איך דעם קוואל פון מאראל, דעם אוצר פון

great and powerful palace. You told me to open its door and romp through its beautiful rooms. I know how to open its doors, and I shall take care that no thieves break into that palace.

The palace is Judaism. The rooms are the various Jewish sciences, religion, history and ethics. The keys are the rules of the Hebrew language. I know as much of the Hebrew language that I am capable of understanding the prophets and their original utterings. By that help I shall study the Bible, the Talmud, Jewish history, and the code of morals which are the requirements of every Jew who desires to be a member of Israel in body and soul. I shall always take care not to allow any strange thoughts to penetrate the Temple of Judaism.

Jewish history helped me to understand how powerful is the spirit of a self-conscious man, of one who is convinced of the truth. Our parents in old generations, being convinced that there is only one God, could not be frightened away from their Lord. Neither water nor fire, neither fisticuffs nor castigations could tear away Israel from his religion. They died crying, "Hear O Israel."

The more I study our Bible the more I discover the treasure of morals, virtues, justice and uprightness. There I find the way which

טוגענד, דיא רייכקייט פון יושר און רחמנות, דעם ים פון ערהאבענהייט און דיא טיעפקייט פון דעם אמת'ן מענשליכען גליק. און ווען איך זאג יעדען טאג דיא ברכה „ברוך אתה שלא עשני גוי" פיעל איך אין הארצען אז איך שעטץ מיך גליקליך, וואס איך בין געבארען געווארען א איד. און א איד וועל איך זיין מיט דיא ריינע אידישע פרינציפין ביז מיין לעצטען טראפען בלוט.

אה, גאט! גאט פון אברהם, יצחק און יעקב, גאט פון מיינע על־טערען און פון גאנצען פאלק ישראל, שיינק מיר א גוטע הארץ און גיב אריין אין מיר פערשטאנד, איך זאל קענען זיין איין ערענטליכער איד און איין ערענטליכער מענש, איך זאל קענען זיין נוצליך פיר מיין פאלק און דער צו א גוטער בירגער פאר'ן לאנד, שיק דיין ברכה צו מיינע עלטערן פאטער און מוטער, מיינע גוטע ערציהער. גיב זיי עושר וכבוד ואריכות ימים, שיק דיין ברכה צו מיינע שוועסטער און ברידער און מיין גאנצער פאמיליע, זאלען איך געבענשט זיין מיינע לעהרער און אלע וואס געפינען זיך דא, שיק דיין ישועה און דיין גאולה לכל ישראל אמן.

leads to the goal of happiness. Repeating every day the words, "Blessed art Thou that hath not made a Gentile of me," I feel that I am happy to have been born a Jew and as such I shall remain throughout life.

O, Lord God of Abraham, Isaac and Jacob, Lord of my parents and of my people of Israel, grant me a noble heart and give me understanding so that I may be a true Jew and an honest man, that I may be useful for my people and a good citizen for my country. Send Thy blessings to my parents and benefactors. Grant them riches, honor and a prolonged life. Send Thy blessings to my sisters and brothers and our entire family. Bless, O Lord, my teachers and all who are now here assembled. Send Thy salvation and liberation to all Israel. Amen.

---

# פאר א בר־מצוה.

פון אברהם ראזין.

מיינע עלטערען פריינד און געסט!

איידער איך בין צום ערשטין מאל געגאנגען מקיים זיין די מצוה, „להניח תפילין„ איז מיין מוטער צו מיר צו געגאנגען, מיר געקושט, און וועהרענד איהרע טרערען זיינען געלאפען פון איהרע אויגען האבען איהרע ליפען געמורמעלט: גאט זאל מיר העלפען מיין קינד, איך זאל פון דיר דערלעבען נחת.

ווען מיין פאטער איז היינט אריין אין שוהל, האט ער געזאגט „ברוך שפטרני״, געלויבט איז גאט וואס ער האט פון מיר ארונטערגענומען דיא פעראנטווארטליכקייט.

מיין מוטער פון איין זייט און מיין פאטער פון דער צווייטער, האבען מיר אלזא אנגעזאגט, אז איך בין שוין ארונטער אויף אייגענע קעסט.

מיין מוטער מיט מיין פאטער, וועלען געווים ווייטער אויך זיין מיינע יועצים און מיר ווייזען וואס איך האב צו טהון אין דיזער גרויסער און ברייטער וועלט וואו איך בין נאך אזוי פרעמד, אבער ווען איך וועל טהון אונרעכט, וועל איך אליין זיין פעראנטווארטליך, און מיין מוטער וואס האט היינט פערגאסען פריידען טרעהרען, וועט חלילה שפעטער מוזען פערגיסען שמערצען-טרעהרען,

איך בין דערפאר שוין א מענש פאר מיר אליין פון וועמען גאט אליין פערלאנגט דין וחשבון.

איך האב געלערענט ביז אהער גאט'ס תורה, אזוי וויא עס שטעהט „כבד את אביך ואת אמיך למען יאריכון ימיך על האדמה״ פאלג פאטער און מוטער כדי דוא זאלסט לאנג לעבען.

אמאל, ווען איך בין נאך געווען אינגער, ווען איך האב ווייניגער פער־שטאנען, האב איך אויך ניט פערשטאנען פאר וואס מיינע עלטערען הייסען מיר טהון געוויסע זאכען. איך האב תמיד געמיינט אז איך בין קליגער, מיין פאטער פון איין זייט און מיין מוטער פון דער צווייטער, האבען זיך זעהר

## FOR A BAR-MITZWA.

By Abraham Rosen.

Parents, Friends and Guests:

Ere I appeared for the first time to follow the commandment of putting on the phylacteries on Tephillin, my mother approached me, kissed me, and while her tears ran from her eyes, her lips murmured, "O, Lord God, I hope for your salvation so that I may live to see my boy grow up and be good."

When my father appeared to-day in the synagogue, he said, "Blessed art thou, O Lord, because thou hast delivered me from the spiritual responsibility of my son."

My mother, on her part, and my father, on his part, have told me that the time has arrived when I have to take care of myself.

My mother, as well as my father, will surely, also in the future, be my advisors and lead me on the path of this great and broad world where I am still a stranger. But when I will not act rightly, I shall be responsible for my own deeds; and my mother who has shed to-day tears of joy, may, God forbid, in the future, shed tears of sorrow.

I am therefore a man with responsibilities, and God demands of me a reckoning for my actions.

I have, up till now, studied the law of God, wherein it says, "Honor thy father and mother, so that thou mayest live long upon this earth."

Once upon a time, when I was still younger, when I had less understanding, I could not, for the life of me, comprehend why my parents told me to do certain things. I always thought that I was

געערגערט און מיר אלץ געלערענט איך זאל געהן אויף׳ן דרך־הישר.

יא, אויף׳ן דרך הישר, אָבער ביז איצט, ביז איך בין געווארען א בר־מצוה, דרייצעהן יאָהר אַלט, האָב איך נים פערשטאנען אַז דאָס איז דער דרך־הישר, איצט פערשטעה איך מעהר, בעסער,

שלמה המלך האט געזאָגט, „אז א קלוגער זוהן דערפרעהט דעם פאָ־טער, און א נארישער זוהן טהוט וועה דער מוטער".

ווען איך וועל זיין גוט, און איך וועל גיין בדרך הישר, ווען איך וועל פאָלגען דיא גוטע עצות פון פאטער און מוטער, וועל איך נים נאָר גליקליך מאכען מיינע עלטערען, נאר איך אליין וועל לאַנג לעבען און הנאה האָבען פון גאָט׳ס שעהנער און ליעבער וועלט.

אויב עס איז באשערט מיין מוטער צוא וויינען, דאַן זאָל זיא וויינען וויא היינט, מיט פריידען־טרערען, און מיין פאָטער זאָל קענען זאָגען, אַז ער איז שטאָלץ מיט זיין זוהן.

מען זאָגט, אז גוט זיין, הייסט, צו זיין גוט צו גאָט און צו לייט.

גאָט וויל פון מיר איך זאָל מקיים זיין זיינע מצות, געהן בדרך־הישר, רחמנות האָבען אויף׳ן שוואכען, העלפען דעם אָרימען און שטיצען דעם עלענדען, ער וויל איך זאָל מיר אויסרעדען מיין הארץ פאר איהם, איהם בעטען און ער וועט מיר תמיד העלפען.

דאָס וועל איך טהון, דאס איז מיין בעשלוס, און מיין פאָטער וועט קיינמאל קיין חרטה נים האבען פאר וואס ער האט מיר איבערגעגעבען צו טראגען דעם עול פון מצות אויף מיינע שולטערען.

מיין ערשטע תפלה איז: גאָט, בעשיטץ מיינע עלטערין, אָמן!

wiser. My father, as well as my mother, have had many pains while teaching me to direct my steps on the right path.

Aye, on the right path—but up till now, until I became a Bar-Mitzwa, thirteen years of age, I could not understand which is the right path. Now I know better.

Being good, walking on the path of the righteous, listening to the advice of my parents, will not only cause the happiness of my father and mother, but will also give me the opportunity to enjoy God's beautiful and lovely world.

If it is ever destined to my mother to weep, then let her weep as to-day, with tears of joy, and my father should pride himself with his son.

People claim that in order to be righteous, one has to be good toward God and men alike.

God desires us to act according to his commandments, walk in the right path, to pity the weak, to help the poor and support the wretched; He also desires of me that I should tell Him all there is in my heart, pray to Him, and He will help me.

All that I will do; this is my resolution! My father shall never have the opportunity to regret why he shouldered the burden of the Lord's commandment upon me.

My first prayer is, "Lord protect my parents." Amen.

---

# דרשה לבר־מצוה

א שילער פון א תלמוד תורה האלט א רעדע צו זיין בר מצוה,

פון יעקב טער.

---

ברשות הורי, מורי ורבותי!

מיט דיא ערלויבענים פון מיינע געשעצטע עלטערן, מיינע געאכ־טעטע לעהרער, אונד אללע ווערטהע פערזאממעלטע, וועל איך זאגען, עטליכע ווערטער, אין דער אנגעלעגענהייט פון דער שמחה וועלכע מיר פייערן דא הייטע, נעמליך, דעם טאג פון מיין „בר מציה״.

„בן שלש עשרה למצות״, האבען אונזערע געלעהרטע בעשטימט, דאס הייסט, ווען איין אידישער יונגע ווערט אלט דרייצעהן יאהר, ווערט ער שוין גערעכענט אלס איין פאלשטענדיגער מיטגליעד פון זיין פאלק ישראל, איז פערפליכטעט אב צוהיטען אללע געזעטצע וועלכע אונזער הייליגע תורה האט אונז פארגעשריבען. אונד מיט׳ן אנטהון דעם הייליגען סימבאל „תפילין״ אויף זיין קאפ, אונד אויף זיין לינקער האנד געגען זיין הארצען, נעהמט ער אויף זיך דיא פליכט, צו דענקען אונד צו טהון נור גוטעס אין זיינע לעבען. פון נון אן אונד וויטער איזט ער זעלבסט פעראנטווארטליך פיר אלע זיינע טהאטען אין דער רעליגיעזער הינזיכט, אונד דאפיר זאגט דער פאטער דיא ברכה בייא דיעזע געלעגענהייט „ברוך שפטרני מענשו של זה״ דאס הייסט, ער דאנקט גאטט וועלכער האט איהם בעפרייעט פון דיא פעראנטווארטליכקייט פון זיין קינד, וועלכער איזט געווארען זעלבסטשטענדיג נאכדעם אלס ער, דער פאטער האט זיין הייליגע פליכט פינקטליך ערפילט.

אבער אין דער זעלבער צייט, אין דעם זעלבען מאמענט, ווען דיא עלטערן דאנקען גאטט, וואס זיי האבען דער לעבט צו זעהען זייער קינד ווערען „בר מצוה״, דרייצעהן יאהר אלט, איזט דיא ערשטע פליכט פון דעם קינד נאכצודענקען, וויפיל ליידען, וויפיל שמערצען האבען דיא עלטערן איבער געטראגען, ביז זייא האבען דאס דער לעבט? וויפיעל

## TO A BAR MITZVAH.

By Jacob Ter.

### A SPEECH DELIVERD BY A PUPIL OF A TALMUD TORAH.

My Dear Parents, Teachers and All Assembled:

With the permission of my dear parents, my honored teachers and all present, I will say a few words concerning the celebration of this Bar Mitzvah.

When a boy becomes thirteen years of age, he becomes confirmed; thus was ordained by our learned men. The boy becomes a perfect member of the people of Israel. He is in duty bound to observe all the laws which our holy Torah has prescribed. By adorning himself with the Tephillin on his head and on his hand against his heart, he takes upon himself the responsibility to think and do good all his lifetime. From now on he is responsible for all his acts, from a religious point of view, and therefore the father says on this occasion, "Good riddance from this punishment." Meaning, that God has freed him of the responsibility of his child, who became independent after his father has done his holy duty for him.

At the same time when the parents thank God because they have lived to see their child become a Bar Mitzvah, it is the first duty of the child to reflect on all the sufferings and pain which the parents have endured in order to see their child reaching thus

טרעהרען האבען זייא פערגאססען, וויפיל שלאפלאזע נעכט האבען זייא צוגעבראכט, ביז זייא האבען זוכה געווען זעהן זייער קינד אין דיעזען עלטער?

דארום איז דיא ערשטע אונד הייליגסטע פליכט פון דעם קינד, ער זאל אויף זיך נעהמען פיר זיין ערשטע אויפגאבע אין לעבען, צו ווידמען זיינע אללע געדאנקען זיינע אללע קרעפטען פיר זיינע טרייע ערציהער. דיעזער הייליגער מאמענט, זאל איהם אימער שטעהן פיר זיינע אויגען, פיר זיינע געדאנקען, ער זאל אימער שעטצען, אכטען, און רעספעקטירען זיינע גוטע עלטערען אין זיין גאנצען לעבען.

„כבד את אביך ואת אמך" איז איינע פון דיא 10 הייליגע געבאט, וועלכע אונזער גאטט האט אונז געגעבען, אויף דעם בארג סיני, דורך משה רבינו! ער האט נאך דאביא צו געזעצט דעם לאָהן דאפיר „למען יאריכון ימיך" דאפיר האט אונז גאטט פערשפראכען לאנגען לעבען, אום אנצוצייגען, דאס דיא קינדער וועלכע פערגעסען דיא גוטעס וואס זייערע עלטערען האבען מיט זייא געטוהן, און היטען ניט אפ דיעזע הייליגע געבאט, קענען ניט האפען צו בעקאממען דעם פערשפראכענעם לאהן.

און דארום געפין איך פיר מיין ערשטע פליכט אין דעם הייליגען מאמענט פון מיין קינדערשען לעבען, צו פערזיכערען אייך מיינע טרייע ערציהער בפני כל עם ועדה, אייך צו אכטען, שעטצען רעספעקטירען פיר אימער, איך זאל מיין לעבען פיר אייך אפפערען גראדע וויא איהר מיינע טרייע עלטערען האט אייער לעבען געאפפערט פון מיינעט וועגען; און צו דיר גאט פון ישראל ווענדע איך מיך יעצט מיט מיין ערשטע בקשה אין דעם ערשטען טאג פון מיין ווערען א מיטגליעד פון דיין אויס ער־וועהלטעס פאלק: אנא ה" אלהי ישראל איך בעט דיך גאטט פון ישראל! האריך נא ימי הורי, ערלענגער דיא יאהרען פון מיינע גוטע עלטערען, און אנשטאט דיא ליידען וואס איך האב זייא פעראורזאכט בעלאהנע זייא מיט פיללע פריידען, זייא זאלען זוכה זיין צו ערציהען זייערע קינדער אין עושר וכבוד און זאללען דערלעבען א גוטע גליקליכע עלטער.

און יעצט אלס איך האב ערפילט מיין פליכט צו מיינע קערפערליכע ערציהער, וועל איך גאטט בעטען פיר מיינע גייסטיגע ערציהער, פיר דיא עדעלע גוטע מענשען, וואס דורך זייער הילפע האב איך געהאט דיא מעגליכקייט צו לערנען אונזער הייליגע תורה, און אללעס וואס א אידיש קינד מוז וויסען אום צו קענען זיין א איד. און דאס זיינען דיא ווערטהע

far. He must never forget that he caused his parents to shed many tears, to pass many sleepless nights until they saw their child reaching the age of thirteen.

Therefore it is the first and holy duty of the child to take upon himself the responsibility in life, to dedicate all his thoughts, all his powers to his noble guardians in life. Let this holy moment always be a reminder to him that he must honor, love and respect his good parents.

"Honor thy father and thy mother," is one of the ten holy commandments which our Lord gave to us on Mount Sinai through our teacher, Moses. He only added the recompense, "So that thou mayest live long," to show that the children who forgot what their parents have done for them, and do not keep this holy commandment, cannot expect to receive this promised reward.

Therefore, I find it is my first duty in this fervent moment of my childish life to assure my noble guardians in the presence of this congregation, to honor, love and respect them forever. Aye, my dear parents, I shall sacrifice myself for you as you have done for me. And to you, Lord, God of Israel, I extend my first appeal in this first day of my becoming a member of thy chosen people: I pray thee, O Lord of Israel, prolong the years of my noble parents, and instead of the suffering which I have been the cause, Thou shalt give them years of joy, so that they may live to bring up their children in riches and honor and reach a good old age.

Now that I have fulfilled my duty toward my bodily guardians, I shall pray the Lord for my spiritual advisers. For the noble and good men, through whose help I had the opportunity to study our holy Torah and all that a child must know in order to be a Jew.

בעאמטע, דירעקטארען אונד מעמבערס, פון דער •••••• תלמוד תורה, וואו איך, גראדע וויא הונדערטע אנדערע ארעמע קינדער האבען גענאססען איין אמת'ע אידישע ערציהונג, אונד דארום געפין איך פיר מיין פליכט, שטעהענדיג דא אויף דעם הייליגען פלאץ אוים צו דריקען זייא מיינע טיעפסטע דאנקבארקייט, פיר דיעזע הייליגע פערזאמלונג, אונד צור זעלבער צייט שווער איך, צו בלייבען טרייא צו אכטען, שעטצען, אונד אבצוהיטען דיא הייליגע תורה, וועלכע מען האט מיר דארט געלערענט, אונד דאס דער אנדענקען פון מיינע וואלטהעטער זאל אימער רוהען אין מיין הארצען;

איך געפין אויך פיר מיין הייליגע פפליכט אוים צו דריקען מיין עפענטליכען דאנק צו דעם ווערטהען פרעזידענט, וויים פרעזידענטען, טראסטיעס, בעאמטע אונד מיטגליעדער פין דער געאכטעטער קאנגרעגיישען ••• (נאמען פון קאנגרעגיישאן) פיר זייער גוטהערציגקייט, אונד פיר דיא עהרע וואס זיי האבען פערשאפט מיינע גוטע עלטערען אונד מיך, דאמיט וואס זיי האבען אונז בעוויליגט זייער גאטעס הויז, צו פייערען דא מיין בר מצוה, און ווייל איך וויים אונד פיהלע דאס מיט מיינע שוואכע נאך קינדערשער שפראכע בין איך ניט אימשטאנדע זיי צו בעדאנקען נאך זייער ווערטה דארים ווענדע איך מיך ווידער צו אונזער גאטט ער זאל זייא אלעמען בעלאהנען פיר זייער פיעלע גוטעס, ער! מי שברך אבותינו אברהם יצחק ויעקב, דער גאט וועלכער האט געבענשט אונזערע עלטערען אברהם יצחק אונד יעקב, הוא יברך ער זאל בענשען, את כל הקהל הקדש הזה, דיעזע גאנצע הייליגע פערזאמלונג! הם ונשיהם ובניהם, ובנותיהם וכל אשר להם, ער זאל זייא זעגנען, זייערע פרויען, זייערע זעהנע, זייער'ע טעכטער אונד אללעם וואס זיי בעלאנגט. וכל מי שעוסקים בצרכי צבור באמונה, אונד דיא אלע וועלכע בעשעפטיגען זיך אין וואלטהאט פיר דער געזעלשאפט, הקדוש ברוך הוא ישלם שכרם, זאל גאט אליין זייא בעצהאלען זייער לאהן, ויסיר מהם כל מחלה. ער זאל זייא בעשיטצען פון אלע שמערצען אונד ליידען, וירפא לכל גופם, ער זאל זיי שטארקען קערפערליך, וישלח ברכה והצלחה בכל מעשי ידיהם, ער זאל שיקען זייא זיין זעגען אין אלע זייערע אונטערנעהמונגען, עם כל ישראל אחיהם, צוזאמען מיט אלע זייערע אידישע ברידער, ונאמר אמן!

I refer here to the worthy officers, directors and members of the Talmud Torah where I, as well as hundreds of other poor children, was instructed in Jewish learning. I therefore find it is my duty, while standing upon this holy ground, to express my deep gratitude in the presence of this holy congregation, and I do also swear to love, honor and keep the Holy Torah, which was taught to me, here. The remembrance of my benefactors shall always rest in my heart.

I find it is my holy duty to openly express my gratitude to the worthy presidents, vice-presidents, trustees, officers and members of this respected congregation for their charitableness, and for the honor they have bestowed upon my parents and myself by allowing this house of God for the celebration of my Bar Mitzvah. Knowing that with my weak and still childish language, I am incapable of thanking them according to their value, I appeal again to our God that he may reward them. The Lord of our forefathers, Abraham, Isaac and Jacob, may He bless them and all this holy congregation. Let Him bless their wives, sons and daughters and all that is theirs. Let Him bless all that participate in communal work. Let the Holy One pay them their due, so He may keep away from them any suffering or sickness, and send His blessings and prosperity on all their undertakings together with all their brethren in Israel. Amen.

# פון א יתום צו זיין בר־מצוה.

פון דר. ש. באלק.

---

פריינדע און פערזאמעלטע!

אַ קינד, וואס איז ניט געשטראפט געווארען פון דער השגחה העליונה, פון גאט, צוא זיין אַ יתום, הויפט אָן צוא לעגען תּפילין צוא דרייצעהן יאהר, אַ יתום אָבער, וויא איך, מוז אָנהויבען צוא לעגען תּפילין צוא צוועלף יאהר.

אַ קינד, וואס האט אַ פאטער, קען ארומלויפען און הוליען נאך אַ יאהר, דעם פאטערס פלייצעס טראגען איהם, איך אָבער דארף פריהער קו־מען צום שכל און פערשטעהען, אַז דער עול מצוה קומט צוא מיר מיט אַ יאהר פריהער.

דער רבי האט מיך געלערענט, אַז איך זאל ניט קלערען און ניט פרע־גען. וואס גאטט טהוט פערשטעהט ניט אַ מענש, מן־הסתם האט אַזוי בעדארפט צוא זיין איך זאל בלייבען אַ יתום. „ד' נתן וד' לקח, יהי שם ד' מבורך", גאט גיט איינעם עלטערען, נעהמט זייא אוועק, זאל גאט'ס נאמען זיין געלויבט, ווייל ער איז דער שופט צדק.

אָבער דערזעלבער גאטט איז און פערבלייבט אַן „אבי יתומים", דער פאטער פון אַ יתום. ער האט מיך ניט פערלאזען און גוטע, עדעלע און ליעבע מענשען האבען מיך גענומען אונטער זייער שוטץ. זייא זיינען גע־ווארען מיינע עלטערען און איך האב זייא פיעל צוא דאנקען — אַזוי פיעל, אַז מיין מויל האט ניט גענוג ווערטער אויס־צודריקען וואס מיין הארץ פיהלט. דער „אבי יתומים" ווייסט בעסער וואס זייא קומט פאר אָננעהמען זיך דיא קריוודע פון אַן אָרעמען און פערלאזענעם יתום.

וואלט איך געהאט אַ פאָטער, וואלט ער מיט אַ יאהר שפּעטער געזאגט „ברוך שפטרני", דאס הייסט, ער וואלט גערדאנקט גאט וואס ער האט שוין מעהר ניט צו זארגען פאר מיינע מצוות. אַזוי אָבער מוז איך געוואר ווערען דערפון מיט אַ יאָהר פאר דער צייט.

און פריינדע און פערזאמעלטע, איך בעגרייף זעהר גוט וואס דאס

## FOR AN ORPHAN TO HIS BAR-MITZWA.

By S. Balk.

Friends and Congregation:

A child who was not punished by Providence, by the Almighty, to be an orphan, commences to perform the commandment of putting on phylacteries when he becomes thirteen years of age. But an orphan, like I am, has to perform this act at the age of twelve.

A child who has a father can romp and jump and enjoy himself one more year: a father's shoulders carry him. But I must become wiser earlier and understand that I have to carry the burden of responsibilities to my twelfth birthday.

My teacher taught me to contemplate less and ask no questions. Whatever God does, men do not understand. It was probably so ordained that I should remain an orphan. God has given, God has taken away: the name of the Lord be praised, for he is a just God.

And the same God is also a father of orphans. He has never forsaken me. Good and noble people have taken me under their protection. They have become my parents and I have to thank them very much—so much, indeed, that my little mouth is incapable of expressing everything my heart feels. The Father of the Orphans knows better what they deserve for protecting a poor and forsaken orphan.

Had I a father, he would have said a year hence, "Blessed art Thou who hath delivered me," meaning that he would have thanked God because the burden of my spiritual responsibility went to me alone. However, as things stand, I must know that a year prior to the appointed time.

Friends and Congregation: I comprehend very well the signifi-

הייסט טראגען אויף מיינע אייגענע שולטערען דיא לאסט פון זיין גוט און פרום .

איך זאג — אַ לאסט און איך מיין דערמיט דיא פרייד וואס איך האב זוכה געווען צוא דערלעבען דיא צייט ווען מען קען זיך שוין אויף מיר אַליין פערלאזען . איך וויים , אַז פון מיין צוקונפט היינגט ניט נור אָפּ איך זאלל קענען בעדאנקען דיא גוטע מענשען וואס האבען פאר מיר געזארגט , נור אויך דעם כבוד פון מיינע עלטערען וואס געפינען זיך אויף דער אמת'ער וועלט .

מען האט מיר היינט געלערענט צוא זיין אַ איד, און אַ איד, האט מיר מיין לעהרער געזאגט, הייסט, צוא זיין עהרליך, גוט, בראוו און אַנשטענדיג.

דיא תפילין וואס בעציערען מיין האנד אונד מיין שטערען , ערינערען מיך אָן צוויי זאכען . דער של־יד ווייזט צוא מיין הארצען און זאגט מיר ! „זייא אַ גוטער און עדעלער מענש“, און דער של־ראש וואס אומאַרמט מיינע געהירען זאגט „ווענדע נור אָן דיין שכל , און דיר וועט זיין גוט“ .

אַן עדעלער און גוטער מענש איז אַ איד ; אַ איד איז אַזעלכער וואס איז מקיים די מצוות וואס גאט האט געגעבען אויף'ן בארג סיני און געזאגט , דאס ווען מען וועט דיזע מצות בעפאלגען , וועט מען האבעןביידע וועלטען.

איך בין אַלט בלויז צוועלף יאהר, אָבער איך שפיר מיך שטארק גענוג צוא טהאן דאס וואס גאט האט געהייסען , נאָך מעהר , איך פיהל דאס גאר ניט פאר קיין לאסט . איך דארף דערצו קיין כח ניט האבען , ווייל איך וויל אַלעס טהאָן מיט שמחה , מיט פרייד און מיט פערגעניגען .

איך בעט יעצט צו גאט ער זאל בעלוינען מיינע גוטע און עדעלע ער־ציהער , אַכטונג־געבער און פערזארגער כדי זייא זאלען מיך קענען האלטען אַזויא לאנג ביז איך וועל קענען אַליין אַרויסקומען אויף דער וועלט אום מיר צוא פערדיענען מיין ברויט בכבוד .

זאָל זיי גאָט געבען געזונד און כח אויף מיר ווייטער אכטונג צו געבען און מיך פיהרען בדרך הישר , כדי איך זאל אויסוואקסען אַ איד , אַ מענש און אַ גוטער בירגער !

---

cance of that burden that was shouldered upon me, requiring of me to be a noble and pious Jew.

I say a burden, and I mean thereby the joy that I have at last reached the time when some independent responsibility rests upon me. I know that it depends very much on my future when I shall be able to thank the noble people who have cared for me, as well as to honor thereby my parents who are resting now with God.

I was taught to-day to be a Jew, and a Jew as my teacher told me means to be honest, good, brave and noble.

The Tephillin, which adorn my hand and my forehead, will always recall in me two things. The one on my hand, pointing toward my heart, tells me, "Be an honest and a good man," and the one on my forehead points to my brain, saying, "Employ your reasoning and thou shalt be happy."

In order to be a Jew, one must be noble and good; a Jew is one who performs the Commandments of the Lord given on Mt, Sinai, where the Lord proclaimed that whoever will follow these Commandments will enjoy this as well as the next world.

I am but twelve years of age, but I know that I am strong enough to do all that which God has ordered me to do. Moreover, I do not regard it as a burden at all. I need no special strength for it, for I will perform everything with joy and pleasure.

I pray now to the Almighty that He should recompense my good and noble foster-parents, those that have taken care of me in the past and will support me in the future until I will be able to earn my bread honorably.

May God give them health and strength for the future, to lead me on the right path, so that I may grow up a Jew, a man and a good citizen.

---

# פון א יתום צו זיין בר־מצוה.

פון מיכאל כתבה

ווערטהעס פובליקום, דאמען און העררן!

הייטע איז מיר געווארען דרייצהען יאהר און הייטע בין איך געוואַרען א פאלשטענדיגער מיטגליעד פון ארדען ישראל, הייטע איז מיין בר־מצוה!

צו פערדאנקען אייך, גוטע מענשען, האב איך געלערנט וואס א אידישע קינד דארף לערנען, איך האב געלערענט גאטעס תורה אין דער תלמוד תורה וואס איהר האלט זיא אוים אויף אייערע קאסטען, איך פערשטעהע העברעאיש, האב א בעגריעף אין אונזער געשיכטע, וואס איז געשריבען געווארען מיט בלוט און מיט טרעהרען און ווייס וויא צו שעטצען אונזער היילינע נאציאן מיט איהרע הויכע פרינציפען, דאס האב איך אייך צו פערדאנקען.

נאט האט ניט געוואלט אז מיינע עלטערן זאלען זיך מיט מיר הייטע פרעהען צו מיין בר־מצוה, מיין פאטער האב איך גאר ניט געקענט, וויל ער איז געשטארבען ווען איך בין נאך געווען א קליינעס קינד, און מיין מוטער קוים וואס איך געדענק, זיא האט נאר דערלעבט צו זעהן, וויא איך האב אנגעפאנגען א"ב, און איז אוועק אויף דעם עולם האמת, און צו מיין זיבעטען יאהר בין איך געווארען איין עלענדער יתום, נאר איהר, גוטע מענשען, האט פערטראטען דיא שטעלע פון מיין פאטער און מיין מוטער, זאלען זייערע נשמות רוהען אין גן־עדן, איהר האט מיך בעזארגט מיט ברויט, מיט א שוך און מיט א קלייד, און איהר האט מיר אריין געבראכט אין תלמוד תורה, איך בין שוין מעהר ניט געווען פערלאזען און עלענד, ווען וואלטהעטיגע לייטע האבען מיך גענומען אונטער זייער השגחה, און צוזאמען מיט נאך יתומים, אונגליקליכע קינדער וויא איך בין, האב איך מיך געפונען אין גוטע הענד, איך האב געלערענט זיעבען יאהר אין תלמוד תורה, בין

## FOR A BAR MITZVAH OF AN ORPHAN.

By Michael Cathpah.

Ladies and Gentlemen:

I am thirteen years of age to-day and I am a perfect member of the Order of Israel. To-day is my Bar Mitzvah.

Thanks to you, good people, I have learned what a Jewish child should know. I have learned the law of God in the Talmud Torah, which you sustain. I know the Hebrew language, I have a good conception of our history which was written with blood and tears, and I know how to appreciate our martyred nation with its lofty principles. All this I have to thank you for.

God has ordained that my parents should not be at my Bar Mitzvah. As to my father, I do not remember him at all, for he died when I was yet a babe. I do faintly recollect my mother. She lived to see me commence to learn the alphabet. Then she departed from this world. I was only seven years old when I became an orphan. But you good people took the places of my father and mother, may their souls rest in peace. You gave me bread, shoes and clothes, and you introduced me to the Talmud Torah. I was then no more forsaken when such charitable people as you took me under your protection, and, together with other orphans, unfortunate children as I am, I found myself well provided for. Up till

דורך געגאנגען תורה און נביאים ראשונים, און א ביסעל פון נביאים אחרונים, איך ווייס דיא כללי הדקדוק, פון דער העברעאישער שפראכע און בין אין שטאנדע אליין אנצושרייבען א לשון הקדש'דיגען בריעף, יעצט איז פאר מיר דיא העברעאישע ליטעראטור אפען, איך לעז אליין א בוך און פערשטעה איהם גוט, און איך ליעב מיט מיין גאנצען הארצען דיא העברעאישע ליטעראטור און איך שטודיר אונזער געשיכטע, און דאס איז דיא פרוכט וואס דיא תלמוד תורה האט ארויס געגעבען.

איך בין יעצט בעל מצוה, איך בין שוין פערפליכטעט אבצוהיטען אלע דינים, וואס יעדער איד דארף היטען, און בין פעראנטווארטליך אליין פאר זיך, איך האב ניט ווער ס'זאל זאגען ברוך שפטרני, נאר איהר דירעקטארען פון תלמוד תורה איהר מעגט זאגען דיא ברכה ברוך שפטרני, איהר האט פאר מיר געטאן גענוג, דאך ווייס איך אז איהר האט ניט צוגענומען אייער השגחה פון מיר, און איהר וועט מיר געבען א געלעגענהייט צו לערנען ווייטער, צו ענדיגען גאנץ תנ"ך און אנפאנגען משנה און תלמוד, און איך נייטיג זיך אין אייער השגחה, ווייל איך בין נאך אלעמען ניט מעהר וויא א קינד, גוטע וועגען איז ניטא מעהר וויא איינער און שלעכטע וועגען זיינען פאראן זעהר אסך, וויא לייכט עס איז מיר אראפצוקריכען פון דעם איינציגען גוטען וועג און פערקריכען אין דיא שלעכטע, איך זאל ווערען „התועה בדרך החיים" איך זאל בלאנדזשען און אריין פאלען אין א שלעכטע געזעלשאפט, אה, אייער השגחה איז פיר מיר נאך יעצט נייטיגער וויא בעפאר.

איך בין הייטע געווארען בר מצוה, איך ווייס דיא דינים פון לייגען תפילין, איך ווייס אז ווען מען טהוט אן דיא תפילין של ראש און דיא תפילין של יד, טהאר מען זיך ניט פערטראכטען אין עפעס אנדערש, מען דארף אימער אין זינען האבען, וואס אין דיא תפילין שטעהט געשריעבען „ואהבת את ה' אלהיך! זאלסט ליעב האבען דיין גאט מיט דיין גאנצען הארצען, מיט דיין גאנצער זעעלע און מיט דיין גאנצען פערמעגען. די רצועות פון דיא תפילין האט מיך צוגעבונדען צו מיין רעליגיאן און צו מיין נאציאן. דער „של ראש" דערמאנט מיך אז איך

now I have learned in the Talmud Torah. I have gone through the Pentateuch, the first books of Prophets and some of the later Prophets. I know the rules of the Hebrew grammar and I am capable of writing a letter in the Hebrew tongue. Now the Hebrew literature is open to me. I read books and understand them well. I love the Hebrew literature and I study our history. These are the fruits which the Talmud Torah gave me.

I am now a Bar Mitzvah. I am charged with the duty of observing all Jewish laws. I am responsible for myself. I have no one to say good riddance. But you, directors of this Talmud Torah, should say good riddance, for you have done enough for me. Still I know that you have not removed your protection and you will give me an opportunity to study further, so that I may be finished with my study of the Bible and commence the Mishneh and Talmud. I need your protection very much, for I am still a child. There is only one good way while there are many bad ways. It is easy for me to be led astray, to be a wanderer in the ways of life, come into bad company—your protection is required for the future as well as for the past.

I became to-day a Bar Mitzvah. I know the rules of the Tephillin. I know that when one puts on the Tephillin on the head and on the arm he must not think of something else, but always have in his thoughts the words of the Tephillin, "And thou shalt love the Lord thy God, with all thy heart, with all thy soul and with all thy might." The straps of the Tephillin have tied me to my religion and to my nation. The one for the head reminds me that I have

זאל אימער דיינקען מיט קאפּ, איך זאל פערשטעהן דיא תפילות וואס איך זאג, און דער „של יד" איז אימער גאהנט צו מיין הארצען, איך זאל טראכטען און זאל פיהלען וויא א אידיש הארץ דארף פיהלען, איך בין א איד!

אך, וויא שטאלץ איך בין, אז איך קען אפען זאגען פאר א פּובּ־ליקום; איך בין א איד! דאס אידישע פאלק איז אויסערוועהלט געווארען פון גאט, נאך דאן ווען דיא גאנצע מענשהייט איז געווען פערזונקען אין אבגרונד פון פערדארבענהייט און האבען געבלאנדזעט אין דער פינסטער. דאס אידישע פאלק איז דאס ערשטע, וואס האט ערקלעהערט דיא געטהייט פאר דער וועלט. אבער טויזענדער יאהרען זיינען אוועק ביז דיא גאנצע וועלט האט דיא געטהייט אנערקענט, דאס אידישע פאלק איז דאס איינציגע, וואס אויף זיין פלעג זיינען אויף געשריעבען דיא ווערטער, „תורה אחת לגר ולאזרח" איין געזעטץ פאר דעם פרעמדען וויא פאר דעם אייגענעם, קיין פאלק האט ניט קיין ראש השנה ויום כפור, דיא טעג ווען יעדער איד מאכט א סך הכל פון זיין אויפפירונג דעם גאנצען יאהר, און גיט אפּ רעכענונג פאר גאט און פאר זיך זעלבסט אויף זיינע מעשים. מאראל, דאס איז דער אידישער פרינציפּ און גע־פיהל, דאס איז דעם אידענס כאראקטר. אה, יא, איך האב זעהר פיעל שטאלץ צו זיין וואס איך בין א איד!

אבער דעם אידענס לעבען איז ניט אזוי גלענצענד אין דער וועלט, דיא שנאה און דיא קנאה פון דיא פעלקער צו מיין פאלק איז זעהר גרויס, מיין נאציאן איז פערפאלגט איבעראל, אונזער בלוט רינט וויא וואסער אונזער פערמעגען איז ניט זיכער; דאס איינציגע טרייסט אונזערע איז, וואס מיר ליידען פאר דער וואהרהייט, פאר א טאפּ לינזען ווילען מיר ניט פערקויפען אונזער רעליגיאן מיט אונזער עהרע צוזאמען. און וויא שלאף מיר זיינען, האבען מיר דיא שטארקסטע פעלקער איינ־געמאטערט, אונזערע עלטערן פלעגען מיט גדלות און מיט א רוח גבורה אויסשטרעקען זייערע העלזער צו דער שחיטה, און אוים הויכען זייער נשמה מיט דעם שמע ישראל, אך וויא אנגענעהם עס איז צו שטארבען פאר דער וואהרהייט.

always to think of and comprehend my prayers. The one on the arm, against my heart, reminds me that I have always to feel with my Jewish heart and know that I am a Jew.

I am proud that I can openly declare that I am a Jew. The Jewish people were chosen by God at that time when entire humanity was still sunken in corruption and wandered in darkness. The Jewish people was the first to proclaim the Deity to the world. Thousands of years passed before humanity recognized the Deity. It is the Jewish people that had inscribed on its flag, "There is one law for the stranger as well as for the citizen". There is no people that has a Rosh Hashanah and Yom Kipper—days in which the Jew makes the balance of his deeds for a whole year and renders to God an account of his actions. Morality, this is the Jewish principle and sentiment, this is the Jewish character! I am indeed proud that I am a Jew.

But the Jew's life is not to be envied. The hatred and jealousy of all peoples toward my people are very great. My nation is being persecuted everywhere, our blood runs in streams, our wealth is never secure. Our only consolation consists in the knowledge that we suffer for the truth, because we do not want to sell our religion and our honor for a pot of lentils. As weak as we are we have tired the strongest nations. Our fathers and forefathers have proudly gone to be slaughtered, and, expiring, they have exclaimed, "Hear O Israël!" It is magnificent to die for the truth.

איך בין יעטצט געווארען א מיטגליעד פון מיין נאציאן, און איך וועל מיך אנשטריינגען אפצוהיטען מיין רעליגיאן און טהייער האלטען אונזער טראדיציאן, און פאר מיין גאט און מיין אמונה וועל איך קעמפפען ביז מיין לעצטען טראפפען בלוט. איך בין אין דער לאנד פון פרייהייט, אין אמעריקא, וואו מיר אידען גניסען פון דער פרייהייט גלייך מיט אלע נאציאנען איך וועל אבער אין זינען האבען מיינע אונגליקליכע ברידער אין דער גאנצער וועלט, וואו דיא גערעכטיגקייט ווערט נאך געטראטען מיט דיא פיס, און זייענדיג א גוטער בירגער אין אמעריקא, וועל איך אויך זיין א גוטער ציוניסט צו שטרעבען צו בעלעבען אונזער היילינער לאנד.

אה, גאט! מיין הארץ איז יעצט פול מיט היילינע געפיהלען צו אלעם וואס איז הייליג און טהייער, אה, העלף מיר איך זאל אימער קענען זיין מיט דיא זעלבע געפיהלען, גיב מיר דיא מיטלען, איך זאל קענען זיין אימער גוט און טריי צוא דיין רעליגיאן און נאציאן, וויא דער תלמוד זאגט „הבא לטהר מסעיין לו”, ווער עס וויל זיין גוט און פרום העלפט איהם גאט דאס אויסצופיהרען.

שיק, אה גאט! שיק דיין ברכה צו מיינע וואלטהעטער, וועלכע האבען פאר מיר אזוי פיעל גוטעס געטאהן, בענש דיא גוטע מענשען דעם פרעזידענט, וויים פרעזידענט און אלע דירעקטארען און באדד אף עדיוקיישאן זייא זאלען קענען ערציהען זייערע אייגענע קינדער אין עשר און כבוד, בענש דעם פרינציפאל מיינע גוטע לעהרערס, בענש מיינע שוועסטער און ברידער און מיין פאמיליע, און בענש אלע, וואס שטעהן מיט מיר דא אין דיעזער שוהל, מיר אלע זאלען דערלעבען ווען דוא וועסט שיקען דיין גאולה וישועה לכל ישראל אמן.

---

I have now become a member of our nation and I will do my utmost to observe my religious tenets and appreciate our traditions. For my God and for my faith, I shall struggle too, shall struggle to the last drop of my blood. I am in the land of liberty, in America where we Jews enjoy equal rights with all other nations; but I shall always keep in mind my brethren from other parts of the world where Justice is being trampled upon. Being a good citizen of America I shall also be a good Zionist, and strive to revive our holy land.

O Lord, my heart is now crowded with holy sentiments to all that is holy and dear! Help me, O Lord, to retain forever these sentiments; that I may be always true to my religion and nation, as our sages said, "The one that desires to be good, God helps him to this accomplishment."

Send, O Lord, your blessings for my protectors who have done so much good for me. Bless the president, vice-president and all the directors and the Board of Education, that they may be able to bring up their children in riches and honor. Bless the principal and my good teachers; bless my sisters, brothers and my entire family; bless all these assembled in this synagogue, so that we may live to see in the near future the salvation and liberation of all Israel. Amen.

# בר מצוה רעדע.

רעוו. רד"ק

פריינד, פערזאמעלטע און ליעבע עלטערען!

מיין פאטער האט היינט געמאכט א מערקווירדיגע ברכה. ער האט געלויבט גאט וואס ער האט פון איהם אראפ געווארפען דיא לאסט פון ווייטער טראגען דיא פעראנטווארטליכקייט פאר מיר.

ניט וויסענדיג וואס פאר א פעראנטווארטליכקייט מיין פאטער האט געהאט, קען מען מיינען ווער ווייסט וואס פאר א שווערע משא איך וועל עס דארפען פערטראגען אין דער צוקונפט.

מיינע ווערטהע צוהערער! עס איז אפילו א ביסעל א שטיקעל עזות, אז איך זאל אייך וועלען עפעס לעהרנען, אבער דאך, ביי דיעזער געלעגענהייט פון מיין שמחה, וועל איך אייך דערצעהלען וואס איך פערשטעה אונטער דיא ווערטער „זיי א איד".

איך האב געהערט אזוי פיעל מאל, פון מיינע חברים זאגען, אז צו זיין א איד איז זעהר שווער. אבער שווער אדער גרינג, האב איך איין מאל פאר אלע מאל געוואלט וויסען וואס מען דארף מקיים זיין אלס איד. ווען מען האט מיר אנגעזאגט, אז צו דרייצעהן יאהר ווער איך א פאלשטענדיגער איד, האב איך אויך געניי געוואלט קענען מיינע פפליכטען.

און הערט וואס איך האב ערפאהרען, איחר וועט זיך איבערצייגען גלייך מיט מיר, אז צו זיין א איד איז דיא גרינגסטע זאך. און אויסער דעם וואס עס איז גרינג, איז עס אויך שעהן און נאבעל.

אין דער גמרא ווערט דערצעהלט, אז א געטצענדינער איז א מאל געקומען צו הלל הזקן און איהם געבעטען ער זאל איהם אויסלערנען וויא צו זיין א איד, ווערענד שטעהענדיג אויף איין פוס. הלל האט ניט פיעל געווארט און גלייך געענטפערט „מאן דעלך סני לחברך לא תעביד". וואס דיר געפעלט ניט זאלסטו ניט טהון דעם צווייטען, „ואידך זיל גמור", און דאס איבריגע, איב דוא ווילסט, ענדיג.

און וואס איז דאס איבריגע? אט וואס אונזערע חכמים ערקלערען.

„על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילת חסדים".—דיא וועלט שטעהט אויף דריי זאכען, אויף תורה, לעהרנען און

## FOR A BAR MITZVAH.

By Rev. Radack.

DEAR FRIENDS AND PARENTS:

My father uttered, to-day, a queer blessing. He thanked the Lord because he got the opportunity to get rid of a burden, which consists of much responsibility on the behalf of my parents for me.

Not knowing what kind of responsibility my father had had, I thought that it must be an extremely heavy burden which I shall have to bear in the future.

My dear friends, it is indeed a presumption on my part to attempt to teach you a lesson. Nevertheless, on this occasion of the celebration of my Bar Mitzvah, I shall attempt to tell you what I understand by the words "Be a Jew."

I have heard very much talk among my friends who insist that it is very hard to be a Jew. But hard or easy, as the case may be, I have concluded to investigate the matter and discover the qualities required to make one a true Jew.

When I was told that on my thirteenth birthday I would become a full-fledged Hebrew, I wanted to know all about my coming duties.

When you hear of what I became aware, you will be convinced, as I am, that it is very easy to be a Jew, and, besides that, both beautiful and noble.

The Talmud relates that a heathen once appeared before the great Hilel and desired him to teach him all the tenets of Judaism. This should take place while the heathen remained standing on one foot. Hilel did not hesitate, and replied thus:

"All that thou dost not like, do not do unto thy neighbor; all the other laws you may follow, as pleases you."

And what are the other laws? Our sages said: "Upon three

שטודירען, אויף ארבייט און אויף טהון גוטעס מיט דעם צווייטען.

דאן ווייטער!

„על ש:שה דברים העולם קיים על הדין ועל האמת ועל השלום״.— „דיא וועלט עקזעסטירט אויף דריי זאכען, אויף גערעכטיגקייט, ווארהייט און פריעדען.

דאס איז יודענטהום. צו פערשטעהן דאס אלעס און טראגען פאר דעם דיא פעראנטוואָרטליכקייט. בין איך אויפגעפאדערט פון היינט אן און ווייטער.

ווען מען טהוט דאס אלעס, ווען מען פאלגט נאך דיזע רעגעלען, איז מען א איד!

איז דאס שווער? קען מען דאס אויספיהרען?

פאר מענשען וואס ווילען זיין גוט, געהן אויף'ן ריכטיגען וועג, איז דאס זעהר לייכט; נאך מעהר, עס איז א פערגעניגען.

דיא תפילין, מיט וועלכע איך וועל פון היינט אן און ווייטער בעציע־רען מיין קאפ און מיין האנד, זיינען א צייכען צווישען מיר און גאט, אז איך האב מיך אונטערגענומען צו בעהאנדלען יעדען מענשען וויא מיך אליין; שטודירען, ארבייטען און טהון גוטעס; זיין גערעכט, ליעב האבען דיא ווארהייט און זוכען פריעדען.

עס וועט אויך זיין מיין אויפגאבע פון היינט אן און ווייטער, צו דער־צעהלען מיינע מיט־בירגער פון אנדערע אומות, וואס יודענטהום איז, און אויף וואס פאר א פונדאמענט מיין רעליגיאן איז געגרינדעט.

מיינע עלטערען! איך דאנק אייך פון מיין טיעפסטען הארצען וואס איהר האט מיר געגעבען דיא מעגליכקייט צו לערנען און פערשטעהען אידישקייט; גאט! דיך לויב איך פון טיעפען הארצען, וואס דוא האסט מיך געלאזט געבוירען ווערען א איד: פריינדע, איך בענש אייך דערפאר וואס איהר זייט געקומען מיר אבצוגעבען עהרע צו דעם שענסטען טאג פון מיין קינדער לעבען.

איך בעט גאט, אז ער זאל עפענען דיא אויגען פון דיא פעלקער צו אנערקענען דיא עדעלע לעהרען, פון זיין פאלק, וועמעס אויפגאבע עס איז צו זיין גוט, עדעל און בארמהערציג צו אלע מענשען.

---

things is the world established: upon study, upon work, and upon good actions." Then again:

"Of three things the world consists: of law, of truth, and of peace."

This is Judaism.

To-day I am called upon to understand this and bear all the consequent responsibilities of Judaism.

If one does all this and follows all the rules that Judaism prescribes, one may have the honor to be called a Jew. Is this hard to perform? Is this hard to accomplish?

Every man who desires to be good, to walk in the right path of life, can easily do so. Moreover, those actions create pleasure and are accompanied by honor.

The Tephillin which will adorn my head and arm to-day will be a covenant between God and myself, which will induce me to study, work, and perform noble actions, to be just, love the truth and seek peace.

It will also, from to-day, be my task in life to tell about and explain to my fellow-citizens of what Judaism consists and the fundamental principles of my religion.

My dear parents, I thank you from the depths of my heart for the opportunity you gave me to study and understand Judaism, and to Thee, Lord God of the universe, I convey my humble prayers for the fact that Thou hast caused me to be born a Jew.

Friends, I bless you for your appearing here to honor me with your presence on the most beautiful day of my youthful life.

---

# פאר א בר־מצוה.

פון ה. ברוידא.

מיינע ליעבע עלטערען, פריינד און פערזאמעלטע!

היינט איז מיין בר־מצוה. צווישען דיעזע וואס זיינען דא פערזאמעלט, ווייס איך, געפינען זיך אַ טהייל, וואס זיינען ניט צופריעדען מיט אמעריקא, מיט אונזער אידישקייט דא, און מיט אלע אונזערע צערעמאניעס.

זיי זאגען, אז מיר זיינען מעהר אמעריקאנער וויא אידען, אז מיר גי־בען אב מעהר צייט פאר דער פּאבליק סקוהל וויא פאר דעם חדר, מעהר געדולד פאר געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק און גראַמאַטיק פון ענגליש, וויא פאר חומש מיט רש"י. און אזוי וויא אין רוסלאַנד, אדער אין דער אלטער וועלט, טהוט מען עס ניט, דערפאר איז מען דארטען בעסערע אידען וויא דאָ.

מיין רבי האט מיר דערצעהלט, אַז אין רוסלאנד האט ניט לאנג צוריק געלעבט אַ גרויסער העברעאישער דיכטער. ער האט געזאגט: „זיי א איד אין הויז און א מענש אין גאס". דיעזער דיכטער האט געהייסען יהודה ליב גארדאן, און לויט וויא מיין רבי האט מיר מיטגעטהיילט, איז ער פּונקט געווען אזא פערזאן, אַ איד אין הויז און אַ מענש אין גאס, א איד אין הארצען און אַ מענש גלייך מיט אלעמען.

חומש מיט רש"י, איז זעהר א שעהנע און גוטע זאך. אבער צו חומש מיט רש"י דארף מען טאקי קענען געאָגראַפּיע, מאטעמאטיק און גראמאטיק. אלע אידישע גדולים האבען דאָס געקענט, און דיעזע וואס האבען עס גע־קענט, האבען פערשטאנען ערשטענס, וויא צו זיין אידען און צווייטענס וויא צו זיין מענשען.

היינט איז מיין בר־מצוה, ווייל איך בין אלט געווארען דרייצעהן יאהר, און לויט דעם אידישען דין, דארף איך אליין זיין פעראנטווארטליך פאר מיינע טהאטען צו גאט.

איך האב ערשט ערפאהרען דערפון מיט א פּאאר יאהר צוריק און איך האב געבייינקט נאך דעם טאג ווען דיא צייט וועט קומען צו זיין פעראנט־ווארטליך פאר מיר אליין.

דא אין אמעריקא איז א שאנדע ווען איינער דארף ליידען פאר'ן צוויי־טען. איך האב מיר ביז היינט גערעכענט פיר א בייבי וויסענדיג, אז מיין פאטער וועט דארפען אבגעבען דין וחשבון פאר מיין ניט־דאווענען, ניט־בענ־שען און ניט לייענען קיין קריאת־שמע.

## FOR A BAR MITZVAH.

By H. Broidy.

My Dear Parents, Friends and All Assembled:

To-day is my Bar Mitzvah. Among those assembled here I know there are some who are not satisfied with America, with the Judaism and with the ceremonies performed here.

They claim that we are more Americans than Jews, that we give more time to the public schools than to the chedar, that there is more patience for geography and grammar of the English language than for the Pentateuch and Rashi, and as long as they do not do this in the Old World it therefore stands to *their* reason that they are better there than they are here.

My Hebrew teacher told me that only recently there lived in Russia a great Hebrew poet who said, "Be a Jew at home, and a man outside." The name of this poet was J. L. Gordon, and, according to what my teacher told me, the poet was just such a person: a Jew at home and a man in society, a Jew at heart and a man equal to all.

The Pentateuch and Rashi is a very nice and good thing, but to understand it we must know geography and grammar. Our great men include these in our catalogues of knowledge and those who know them understand how to be both Jews and men.

To-day is my Bar Mitzvah because I become thirteen years old, and, according to the Jewish law, I am myself responsible for my actions to God.

About two years ago I became aware of this fact, and I have been longing all the time for the period when I shall be responsible for myself.

Here in America it is a shame that one has to suffer for another. I thought myself a baby until to-day, for I knew that my father would have to bear the consequences of my not praying and not saying grace.

יעצט בין איך א מענש מיט אלעמען גלייך, א איד מיט אלעמען גלייך; מיין רבי האט מיך געלערענט צו זיין, וויא דער העברעאישער דיכטער האט געזאגט „א איד אין הויז און א מענש אין גאס" עס איז ניט מעהר וויא רעכט, אז אזוי זאל עס זיין.

ירמיהו הנביא האט געזאגט: „וכרתי את בית ישראל ואת בית יהודה ברית חדשה, ואת תורתי על לבם אכתבנה" איך וועל כורת ברית זיין מיט דיא אידען א נייעם בונד, און מיין תורה וועל איך זיי אויפשרייבען אויפ'ן הארצען.

עס איז בעסער צו זיין א איד אין הארצען וויא א איד אין א קאפאטע; עס איז שעהנער פאר גאט צו זיין א מענש צווישען לייטען, וויא צו וויי־זען אויף אונז מיט דיא פינגער, וויא אויף דיא כינעזער.

און אונזער גאנצער תורה, אונזער גאנצע אידישקייט, בעשטעהט אין מהון גוטעס, רחמנות האבען אויפ'ן שוואכען און העלפען דעם נויטבעדערפ־טיגען. אין דער זעלבער צייט זאל מען אימער געדענקען, אז גאט ענט־פערט תמיד יעדען וואס רופט צו איהם, וואס ווענדט זיך צו איהם.

מיינע פריינדע!

פון היינט אן און וייטער וועט מיין צוקונפט בעשטעהן פון צוויי פראג־ראמען. דער ערשטער איז צו עהרען, אכטען און שעטצען מיין פאלק, די קבלות פון מיין פאלק, אונזער תורה, אונזערע מענשליכע געבאטע, און אויך זיין א גוטער און געאכטעטער בירגער פון דיעזען לאנד, וואו קיינער מישט זיך ניט אין אונזערע רעליגיעזע דינים און מנהגים.

צו זיין א גוטער בירגער פון דיעזען לאנד, הייסט אויך צו זיין א גו־טער איד און פערבלייבען דאנקבאר צו א מדינה וואס ערלויבט אונז צו דאנקען דעם גאט פון אונזערע עלטערן'ס אונגעשטערט.

איך וועל פערבלייבען א איד און זיין שטאלץ דארויף וואס איך בין א איד, דען א איד איז א מענש וואס בעלאנגט צו א רעליגיאן וואס פרעדיגט מענשהייט און גוטסקייט צו אלעמען. און איך וועל פערבלייבען א גוטער בירגער פון דיעזען לאנד וואו מיינע עלטערן, איך, מיינע ברי־דער און שוועסטער פון דער גאנצער וועלט ווערען געשיטצט פון דיא פליגעלען פון דעם אמעריקאנישען אדלער וואס האלט יעדען אונטער זיך אלס גלייכע קינדער און אלס גלייכע מענשען.

גאט! גיב מיר כח און מוטה דורכצופיהרען דיעזע בעשליסע צור עהרע פון מיין פאלק און פון מיינע עלטערן.

Now I am a man equal to all, a Jew equal to all Jews.

My teacher taught me to be as the Hebrew set forth: "Be a Jew at home and a man outside," which is not more than right when a Jew acts accordingly.

The prophet Jeremiah said: "And I shall make a new covenant with the House of Judah and my Law shall be written upon their hearts."

It is better to be a Jew at heart, than a Jew in appearance only; it is nicer before God to be a man among men, than to be pointed out as the Chinese are.

Our whole Torah, our entire Jewishness, consists in doing good, to be compassionate with the weak and to help the needy.

In the meantime, one has to remember that God replies always to the one who appeals to him.

My friends, from now on I shall have two programs for myself. The first will be to honor my people, their traditions, our Torah, our human laws, and also to be a good and honest citizen of this country, where no one interferes with our religious customs and performances.

To be a good citizen of this country one must be a good Jew, and be faithful to my land which allows us to serve the Lord of our forefathers and not be disturbed in our religious actions.

I shall remain a Jew and be proud that I am one; for a Jew is a human being with a belief in a religion which teaches humanity and kindness to all withoutdiscrimination. I shall remain a good citizen of this country, with my parents, sisters, brothers coming here from distant climes and protected by the wings of the American Eagle, where every one enjoys equal rights.

O Lord! give me power and courage to accomplish all these resolutions for the honor of my people and my parents.

# פאר א בר־־מצוה.

(לפ׳ החדש)

פון הערן יוסף קאהן.
(מורה עברי בהובאקען)

---

ליעבע עלטערען און פריינדע!

„החדש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכם לחדשי השנה״. (דיעזער מאָנהייט איז בײ אייך דער ערשטער פון דיא מאָנאַטען, ער איז בײ אייך דער ערשטער מאָנהייט אין יאָהר). האָט רבי יצחק געזאָגט, אַז דיא תורה האָט זיך בעדאַרפט אָנפאַנגען פון „החדש הזה לכם״, ווייל דאָס איז דיא ערשטע מצוה, וואָס דיא אידען זיינען פערזאָגט געוואָרען, טאָ וואָרום פאַנגט זיא זיך אָן מיט בראשית? משום כח מעשיו הגיד לעמו, ווייל דיא קראַפט פון זיינע טהאַטען דערצעהלט ער זיין פאָלק.

דיא תורה דערצעהלט אונז פריהער פון „מעשה בראשית״, וויא דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, אין קורצע אַנמערקונגען גיט זיא אונז אַ־בעגריעף וויא אַזוי זיא האָט זיך ענטוויקעלט און דיעזע קליינע אַנמערקונגען ענטהאַלטען פיעל שטאָף צום לעהרנען און צום דיינקען.

דיא תורה דערצעהלט אונז ווייטער וויא אַזויא דאס אידישע פאלק איז ענטשטאַנען. זיא מאָלט אונז דיא שעהנע ליכטיגע קינדערשע יאהרען פון אידישען פאלק נאך בעפאהר מתן תורה, זיא דערצעהלט אינז פון אונזער ערשטען פאטריארך אברהם אבינו ביז יציאת מצרים און דאן פון קבלת התורה ווען דאס גאנצער אידישע פאלק איז בר־מצוה געווארען, און פאנגט אן פון החדש הזה לכם שהיא מצוה ראשונה שנצטוו ישראל.

## FOR A BAR MITZVAH.

By Joseph Cohen (Hebrew Teacher in Hoboken).

My Dear Parents and Friends:

In the portion of the Thorah which we read to-day we find the following: "This month be to ye the beginning of months; it shall be to ye the first of the months of the year." Rabbi Isaac says that the Thorah should have commenced with, "This month be to ye," for this is the first commandment. Why, then, does it commence with "In the beginning?" The answer is, "Because the Lord desired to have his people know about the power of his acts."

The Thorah relates to us at first the history of creation. It imparts to us the idea how this world developed, and from this we learn very much.

We then perceive how the Jewish people came into existence. The Thorah portrays to us the beautiful and happy days of the childhood of the Jewish people, before the law was proclaimed on Sinai. We get acquainted with our first patriarch, Abraham, until the Exodus of Egypt, and then, regarding the reception of the Thorah until the Jewish people became Bar Mitzvah; after this we hear of "The first month be to ye," being the first commandment to the Jews.

טהייערע עלטערען, און ווערטהע פערזאמעלטע!

דאס לעבען פון א גאנצען פאלק איז גלייך צוא דעם לעבען פון איין איינצעלנעם מענשען און ווען א מענש וויל ווימען וויא זיך צוא פיהרען אויף דער וועלט קען ער פיעל לערנען פון זיין פאלקס געשיכטע.

און ווען דיעזען מאמענט אין מיין לעבען גלייך איך צוא, צוא דער גע־שיכטע פון מיין פאלק, דיעזען מאמענט, ווען איך בין דרייצעהן יאהר אלט געווארען און האב שוין אויף זיך פליכטען, רעליגיעזע פליכטען, צוא ערפיעללען און לעזענדיג גראדע היינט אין דער תורה דעם „החדש הזה לכם" וואס דאס איז דיא ערשטע מצוה, וואס די אידען זיינען פערזאגט גע־ווארען, פיהל איך, דאס איך שטעה יעצט בייא דער שטופפע פון קבלת התורה און עס שטעלט זיך מיר פאר דער בארג סיני וויא ער איז בעדעקט מיט א שרעקליכען פייער און דונערען און בליצען רייסען אין שטיקער דיא לופט און איך הער דיא געטליכע שטימע „קול גדול ולא יסף" דיא שטימע וואס האט ניט אויפגעהערט און וועט אויך ניט אויפהערען.

און מיר שטעלט זיך פאר ווי דיעזע מעכטיגע שטימע זאגט צו מיר אין א צערטליכען טאן: יאנקעלע, דו ביסט געבארען א איד און דארפסט עס זיין ניט נור אין נאמען נור אויך אין טהאט. פטר ניט אפ דיין אידישקייט מיט קומען איין מאהל א יאהר אין שוהל און דאס גלייבען, זייא א איד! איבערגעגעבען צו דיין פאלק און צו זיין גייסט, פיהל מיט זיין שמערץ, דעם שמערץ פון דיין אונגליקליכעס פאלק און זיי א מיטגליעד צו די, וואס זוכען מיטלען איהם צו בעפרייען!

דיעזע געטליכע שטימע שרייט און הערט ניט אויף און וועט ניט אויפ־הערען, אבער לײדער זיינען אונזערע אויערען פערשטאפט און מיר הערען ניט.

מיר האבען געלעזען אין היינטיגע סדרה: ויקרא אל משה—גאט האט גערופען משה'ן. רש"י זאגט אויף דעם: "הקול הולך ומגיע אל אזניו וכל ישראל לא ישמעו" נור משה האט דיעזע שטימע געהערט, אבער דאס גאנצע פאלק האט זי ניט געהערט. יא, די שטימע, וועלכע רופט אונז צו טאהן

Dear parents and friends: The life of a people is equal to the life of an individual, and when the individual wishes to know how to conduct himself in this world, he may learn a great deal of the history of his people.

I compare this moment of my life to the history of my people. I became thirteen years of age to-day and I took upon myself duties, religious duties. Reading to-day in the Thorah, "The first month be to ye," being the first commandment for the Jewish people, I find myself in the same situation as when the Jews stood in the presence of Mt. Sinai enveloped in fire, while thunder and lightning were tearing the air. It appears to me that I hear the voice of the Lord, "terrible and continuous," reverberating through hill and dale.

It seems to me as if a powerful voice, but in a tender tone, says to me, "Jacob, thou art born a Jew and thou shalt not only be such in name but also in deed. Dispense not with thy Jewishness, with thy appearance in the Synagogue but once a year; be an honest Jew, true to thy people and to thy spirit, share its pain and sorrow, the pain of thy unfortunate people which seeks ways and means to be free." This godly voice is continually whispering to us, but alas, our ears do not always listen to it.

We read in to-day's portion of the Thorah that God called unto Moses. Rashi remarks, "The voice was increasing in strength and reaching the ears of Moses, but Israel did not hear." Aye, the

אונזערע פליכטען אַלס אידען און אַלס מענשען, דיעזע שטימע הערט נור אַ משה.

און ליידער גיעבט זעהר וועניג משה'ס...

אין יעדען מענשען איז פאַראַן דער געפיהל וואָס בעוועגט צו גוטעס, צו ערהאַבענעס, אָבער ליידער ניט אַללע פיהלען עס. און נאָך טרויעריגער איז, אַז די וואָס ווילען שוין כלומר'שט יע בעפרידיגען דיעזען געפיהל זייערען טהוען דאָס מיט גאַנץ קליינע זאַכען, וועלכע ברייננגען קיינע נוטצען.

און ווען איך הער יעצט דיא שטימע פון אונזער רעליגיאָן אַז איך בין שוין ניט קיין קינד, איך בין שוין אַ בר־מצוה, פיהל איך וויא דיעזע עדעלע געפיהלען ערהויבען זיך אין מיר און מאַכען מיר צוא שטרעבען צוא עטוואָס העכערעס, איך פיהל יעטצט, אַז פון יעטצט אָן און ווייטער קען איך שוין מעהר ניט לעבען פאַר זיך אַליין, נור איך מוז צוגלייכער צייט אויך לעבען פיר מיין פאָלק און פיר'ן צווייטען מענשען.

איך בעשליס זיך דאַרום יעטצט מיט מיין גאַנצער זעעלע, מיט מיין גאַנצען איך, צו בעלאַנגען צו מיין פאָלק און צו זיין זיין טרייער זוהן, און אימער זאָל אין מיר לעבען דער אידישער גייסט.

אימטער וועל איך שטרעבען, אַז מיינע טהאַטען זאָללען נור ברייננגען נוטצען פאַר מיין פאָלק און פאַר מיינע מיטמענשען.

---

voice that calls us to our duties as Jews, as men, this voice is heard only by Moses.

Alas! And there are so few equal to Moses.

There is in every man something which impels him to do good and noble deeds. But not every one shows this sentiment. What is worse is, that those who think they are following this sentiment are performing such insignificant acts that they are of no practical use.

When I hear the voice of our religion telling me that I am no more a child, that I am a Bar-Mitzvah, I feel these noble sentiments elevating me and causing me to strive for something that is higher and nobler. I feel that I can no longer live for myself alone, that I must work for my people, for my downtrodden brethren.

I vow, therefore, that I will endeavor with all my soul to be one of my people and always live according to the Jewish spirit.

I shall always strive and do my utmost that all my acts and conduct in life should be an honor for my people and my fellow-men.

# פאר א בר־מצוה.

פון הערן יוסף קאהן.

(מורה עברי בהובאקען).

טהייערסטע עלטערען און פריינדע!

מיר האָבען היינט געבענשט ר"ח ניסן! דעם חדש אין וועלכען דיא אידען זיינען בעפרייט געוואָרען פון מצרים, און אין וועלכען מיר געהען פייערען דעם הערליכען יום טוב—פסח.

מיר האָבען היינט געלעזען אין מפטיר אין „החדש הזה לכם" וויא דיא אידען זיינען פאַרזאָגט געוואָרען צו מאַכען אַ קרבן פסח.

פערצייטען ווען דיא אידען זיינען געווען אין זייער אייגענע לאַנד אין ארץ ישראל, האָבען זייא געהאַט דעם בית המקדש מיט'ן כהן גדול, דיא סנהדרין, זיי האָבען געהאַט אַלע טהייערע זאַכען, וואָס האָבען זיי געמאַכט שטאָלץ געגען די נאַציאָנען, דאַן האָבען זיי געבראַכט קרבנות און געדאַרפט בריינגען אַ קרבן פסח.

יעצט אָבער ווען מיר האבען אַללעס פערלאָרען: מיר האָבען ניט קיין ציון, מיר האָבען ניט קיין ירושלים, און מיר האָבען זאָגאַר ניט קיין ריכטיגען זיכערען פלאַטץ וואו דעם קאָפּ אַוועקצולעגען. און אנשטאדט דיא אללע טהייערע זאכען וועלכע מיר האָבען געהאַט פערצייטען האָבען מיר יעצט רדיפות, פּאָגראָמען, שטיינער אין קאָפּ. יעצט איז בייא אונז דער דין פון קרבנות ניטא און מיר מאַכען אויך קיין קרבן פסח. צום אומגליק אָבער האָבען דעם קרבן פסח אונזערע שונאים איבערגענומען און זיי, וועלכע האָבען אַמאָהל ערקלעהרט איינעם פון אונזערע אידען פאַר אַ קרבן פאַר דיא זינד פון דער וועלט, זייא זיינען מקיים דעם דין פון אַ קרבן פסח און דער קרבן זייערער איז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. דיא „שה פזורה ישראל" און מיט זייער גאַנצער רציחה האָבען זיי ניט נור מקיים געווען „והיה הדם לאות על הבתים" נור זיי האָבען אויך דיא גאַנצע ערד דורכגעווייקט מיט אונזער בלוט; און מיינענדיג אַז זיי טהוען מיט דעם, דעם וויללען פון גאָט האָבען זייא דעם אידען געברענט און געבראָטען אין פייער און האָבען דעם אידען אין גאַנצען געוואָלט פערניכטען צו מקיים זיין „ולא תתירו ממנו עד בקר".

## FOR A BAR MITZVAH.

By Joseph Cohen (Hebrew Teacher at Hoboken).

Dear Parents and Friends:

We have been celebrating to-day the commencement of the month of Nissan, the month in which the Jews were liberated from Egypt; the month in which we are celebrating our magnificent holiday, Pesach.

In to-day's Haphtorah, we read, "This month be to ye," and we were told how the Jews were commanded to bring the Easter sacrifice. In olden times, when the Jews were still on their own land, in Palestine, they had a Temple and a High Priest, a Sanhedrin; they had many other precious things, which made them proud among the nations, and then they had to bring sacrifices and also offer the Easter sacrifice.

But now, when we have lost all, when we have neither a Zion nor a Jerusalem, and we have not even a secure spot to lay our heads on, and instead of all those precious things we have persecutions, massacres, and stones thrown at our heads—now we have no law of sacrifice nor do we offer the Paschal Sacrifice. Unfortunately, our enemies have taken over our Paschal Sacrifice, and they, who once proclaimed one of our Jews as a Sacrifice for the sins of the world, keep now the laws of the Paschal Sacrifice and their victim is the Jewish nation, the hunted Jewish lamb. With their rage, they have not only kept the commandment, "And with this blood ye shall mark your houses," but they have also watered the whole earth with our blood. Thinking that they are performing the will of the Lord they caused the Jew to be burned on the auto-da-fe's, and tried to exterminate every Jew in order to follow the Scriptures which say, "And ye shall not leave anything thereof until morning."

אָבער דאָס איז זייא ניט געלונגען, דעם אידען פערניכטען קענען זייא ניט. וויא דער נביא האָט אונז געזאגט: אל תירא עבדי יעקב, האָב קיין מורא, מיין קנעכט יעקב, כי אעשה כלה בכל הגוים אשר הדחתיך שמה, וויל איך וועל מאַכען איין ענדע צו דיא פעלקער צווישען וועלכע איך האָב דיר פערוואַרפען, ואותך לא אעשה כלה, אָבער צו דיר וועל איך קיין ענדע ניט מאַכען און דו וועסט אויף אייביג בלייבען.

און ווירקליך איז אַזויא געוועזען! דען וואו זיינען יעצט דיא אוראַלטע פעלקער? די אידישע פערפאָלגער? וואו זיינען יעצט די מעכטיגע שטאַרקע נאציאָנען, וועלכע האָבען געמאַכט ציטערען די וועלט און וועלכע האָבען דעם אידען אזוי פיעל געדריקט? וואו זיינען יעצט די פלשתים, עמלק, אשור? און וואָס איז מיט דער מעכטיגער רוים? לעבט זי?

ניין! זייא זיינען אַללע יעצט ניטאָ און דיא אידישע פאָלק לעבט און טרעט אויף זייערע קברים!

און אין דיעזען מאָנאַט ווען די נאַטור פאַנגט אָן אָבצולעבען און וועלכע זאָגט אונז אָן אַז דער ווינטער איז שוין אַריבער און דער פראַכטפאָללער זומער קומט אָן, געהען מיר פייערען דעם הערליכען יו"ט פסח, וועלכער איז איין אַנדענקען פון אונזער בעפרייאונג פון אונזערע ערשטע פערפאָלגער, פון דיא מצריים. דיעזער יו"ט גיט אונז אַשטראַהל פון האָפנונג, דאָס עס וועט נאָך קומען אַ צייט אַז די אַלע רציחות און מערדערייען וועלען אויפהערען און אויף אונז וועט ווידער שיינען די זונן פון הצלחה און עס וועט זיך צו אונז צוריקקעהרען דער כבוד פון אַמאָהל ואחרי כן תשכון כימי קדם נאום ד'.

איך בין שטאָלץ וואָס איך בין פון יעצט אָן אַ גליעד פון אידישען קערפער, אַ ציעגעל פון דעם גרויסען בנין וואָס דאָס אידישע פאָלק האַלט אין איין בויען צו ווייזען אַללע פעלקער דעם ריכטיגען וועג וואו עס איז ליכטיג און וואו עס איז פינסטער, ווי דער נביא פערזיכערט אונז „ונהרו אליו כל הגוים" אַללע פעלקער וועלען בעגרייפען דיא ערהאַבענע לעהרע פון יודענטהום פיר וועלכע אונזערע עלטערען זיינען געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער.

---

But they have not succeeded in this; they cannot exterminate the Jew, as the prophet said, "Fear not my servant, Jacob, for I shall cause extermination throughout the nations where thou hast been driven and thee I will not exterminate."

And it happened so, indeed, for where are all those old nations, the renowned persecutors of the Jews? Where are those who caused the whole world to tremble and inflicted so much punishment on the Jew? Where are the Philistines, the Amalekites, and Assyrians? And what about powerful Rome? Is she still alive?

No! They have disappeared, and the Jewish nation tramples now upon their graves.

During this month, when nature comes to life again and tells us that the winter has passed and soothing summer approaches, we are celebrating our great festival, Pesach, which is in commemoration of our freedom from bondage under our first persecutors, the Egyptians.

This festival shows us a ray of hope that there will yet come a time when all murders and massacres will cease, and the sun of prosperity will shine on us once more and our past honor will return to us just as the Lord God has said.

I am proud that I am, from now on, a member of the Jewish body, a stone in the great structure that the Jewish people are building in order to point out to all nations where it is light and where it is dark, as the prophet assured us that, "All nations will be enlightened by you," by the lofty teachings of Judaism for which our forefathers went through fire and water.

# פאר א בר־־מצוה.

פון הערערן יוסף קאהן מוואלאזען.
(מורה עברי בהובאקען)

טהייערע עלטערען און ליעבע געסט, וויא שעהן עס האט זיך אנגע פאנגען די קאריערע פון משה רבנו, וויא אין דער תורה ווערט דערצעלט!

ויהי בימים ההם, ויגדל משה, ויצא אל אחיו, וירא בסבלתם.

א קינד, ערצויגען אין לוקסוס און רייכטהום, אויפ'ן שוים פון דער פרינצעסען פון מצרים, צווישען דער העכסטער אריסטאקראטיע, אונד דיא גרעסטע מענער, איז משה געוועזען, פון קיין זארג און פון קיין לייד האט ער קיין מאל ניט געוואוסט, און ווען משה איז אונטערגעוואקסען און איז א בר־־מצוה געווארען און איז, אלעס ערוואקסענער יונגערמאן צום ערשטען מאל ארויס צוא זעהן וויא שווער זיינע ברידער, זיינען פער־שקלאפט אונטער דעם עגיפטישען יאך, האט באלד דער „בר־־מצוה" ערוואכט אין זיין הארצען און ער האט גלייך דער פיהלט, וואס פאר א פליכט ער האט צוא זיין פאלק, צו זיין גלויבען און צו דער גאנצער מענשהייט! ער האט באלד דערזעהען דיא גרויסע אויפגאבע וואס ער האט פאר זיך און האט באלד דערפיהלט, אז ער איז שוין א בר־־מצוה און טאהר ניט האל־טען דיא הענד פערלעגט.

און די געטליכקייט האט אויף איהם גערוהט און דיא אידישע בעפריי־אונג איז געקומען.

בן שלש עשרה שנה אנכי היום — דרייצעהן יאהר בין איך יעצט אלט! דרייצעהן יאהר זיינען פאראיבער זייט איך האב דיא ליכטיגע שיין ער־בליקט; עס זיינען פאראיבער דרייצען קינדערשע, פרעהליכע און לוסטיגע יאהרען און איך עמפפאנג יעצט א נייע פעריאדע אין מיין לעבען.

איך היים יעצט א „בר־־מצוה", א זוהן פון מצות, פון פליכטען.

און בעטראכטענדיג יעצט דיא געשיכטע פון משה'ן, אבוואהל קיין בשר ודם טאהר זיך ניט פערגלייכען צוא דיעזען וואונדערבארען געטליכען מאן, דאך קען איך פון איהם לערנען, דאס יעצט איז דיא צייט, ווען איך מוז אוועקווארפען דיא קינדערשע נארישקייטען און איך מוז דענקען וועגען דיא פליכטען צוא מיינע מיטמענשען, און ווען מיר לעזען דיא געשיכטע פון דיא אידען מיט דרייא טויזענד יאהר צוריק: וימררו את חייהם וויא דיא מצרים האבען פערביטערט דיא אידען זייער

## FOR A BAR MITZVAH.

By Joseph Cohen (Hebrew Teacher in Hoboken).

Dear Parents and Beloved Guests:

How beautifully the career of Moses began, as related in the Thorah!

And it came to pass, in those days when Moses grew up and he went out to his brethren and he saw their hard work:

A child, having been brought up in luxury and riches, upon the lap of an Egyptian princess, the highest aristocracy and greatest men, he knew of no care nor of any pain—when this Moses grew up and he became a Bar Mitzvah, his first step was to go and see his brethren hard at work under the Egyptian yoke. This Bar Mitzvah immediately felt the duties toward his people, his religion and humanity. He at once perceived the great task for himself and that he could not rest idle.

And the spirit of God rested on him whereby he liberated his people.

I am thirteen years old to-day. Thirteen years have passed in childhood; they were merry and happy years, and I enter now in a new period of my life.

I am now called a Bar Mitzvah, a son of commandments, a son of duties.

Considering the history of Moses, although no other man could compare with this wonderful and godly man, still I can learn from him that this is the time when I must cast away childish silliness and think of the duties to my fellow-men. When we read the history of the Jews of three thousand years ago, where it is told that the Egyptians embittered the lives of the Jews, we then pre-

לעבען, דאן שטעלען זיך מיר פאר דיא יעצטיגע אידישע צרות און ליידען, וויא אידישע עהרע ווערט בעליידיגט, וויא אידישע בלוט ווערט וויא וואסער פערגאסען און איך פיהל טיעף מיט, זייער שמערץ, דען וויא קען מיר מיינע קינדערשע זאכען ליעגען אין זינען דאן ווען זעקס מילליאן פון מיינע בריעדער און שוועסטער זיינען אימער אויסגעזעצט צום שארף פון שווערד און צום מויל פון ביקס און קאנאן? וויא קען אונז איינגעהן דיא פרייהייט אין דיעזען לאנד, ווען אונזערע בריעדער זיינען הפקר אין א צווייטע לאנד?

אה, דיא הערצרייסענדע געשרייען פון יענע אונגליקליכע הערצען זיך דא, אויף דער זייט ים, זייא רייסען מיר דעם מארך, זייא צופליקען מיר מיין הארץ, איך קען מעהר קיין קינד ניט זיין! אצא אל אחי! איך וויל געהן צוא מיינע בריעדער.!

יעצט נאך א פאאר ווערטער צוא אייך, מיינע ליעבע עלטערען.

ווען איך דערמאן מיך פיעל איהר האט געטאהן פיר מיר ביז היינטיגען טאג, פיעל שמערצען און ליידען איהר זייט פון מיר אויסגעשטאנען, פיעל טרערען איהר האט צוליעב מיר פערגאסען, פיעל נעכט איהר האט צוא ליעב מיר ניט דערשלאפען ביז איהר האט מיר געבראכט צום טאג פון מיין בר־מצוה, ווען איך דערמאן זיך דאס אלעס מיינע ליעבע עלטערען, איז מיין שפראך צוא ארעם איך זאל קענען ארויסגעבען אין ווערטער דיא גע־פיהלען פון מיין הארץ וואס איז פול מיט ליעבע און דאנקבארקייט צוא אייך. און ווען איך בעטראכט יעצט, אז אלעס וואס איהר האט געטאהן פיר מיר איז נור אוים ליעבע צוא מיר, און אייער גאנצער וואונש איז צו זעהן מיר אלס מענש, אלס איד, וועלכער זאל אייך עהרע פערשאפען, פערשפרעך איך אייך יעצט, אין די אנוועזענהייט פון דאס ווערטהעס פובּ־ליקום, דאס איך וועל אנווענדען אלע מיינע מעגליכקייט אויף צו וואקסען א מענש נאך אייער פערלאנג, א איד אז מיין פאלק זאל זיך מיט מיר ניט דארפען שעמען, אזוי וויא דער נביא זאגט: „לא עתה יבוש יעקב ולא עתה פניו יחורו, כי בראותו ילדיו מעשי ידי בקרבו יקדישו את שמי" יעקב וועט זיך שוין מעהר ניט שעמען מיט זיינע קינדער און זיין געזיכט וועט ניט דארפען בלאס ווערען, זעהענדיג וויא זיינע געליבטע קינדער לויבען און שעטצען גאט און זיין נאמען, דאן והקדישו את קדוש יעקב ואת אלהי ישראל יעריצו — אמן.

sent before ourselves the Jews' sufferings, their pain and sorrow. I cannot, under the circumstances, have in my mind childish play, when six millions of my brethren and sisters are exposed to the sword, gun and cannon. How can we enjoy the freedom of this country when our brethren in another country are in bondage?

The heartrending cries of those unfortunates on this side of the Atlantic freeze our very marrow, tear our hearts—no, I cannot be a child any longer; I shall go forth to my brethren.

Now a few more words to my parents.

When I remind myself of all that you have done for me, all that you have suffered for me, I then feel that my language is too poor to express the gratitude of my heart, which is full of love and tenderness to you. When I see all that you have done for me, and that your only aim in life was to make of me a good man and a good Jew, in order to cause you honor, I promise you in the presence of this worthy assembly that I shall do my utmost to grow up according to your wishes. I shall be a Jew in the words of the prophet when he says, "Jacob will not be ashamed of you and his face shall not pale, seeing how his children sanctify my name."

---

# אונזערע קינדער.

## בייא א בר־מצוה.

### פון יוסף זעף.

---

ווערטהער בר־מצוה, עלטערען, פערוואנדעטע און פריינד!

האבען מיר א זאך וואס איז טהייערער פאר אונזער קינד? קענט איהר די מוטטער וואס וועט פארבייטען איהר בייבי אויף גאלד און ברילאנטען? האט איהר געזעהן דעם פאטער וואס וועט לאזען שטארבען זיין קינד אום אויפצו־האלטען דאס לעבען פון זיין געשעפט?

דיא וועלט געשיכטע איז פול מיט מעשות פון אויף־אפפערונג פאר קינ־דער. און דאך! מיט דער גאנצער ליעבע וואס עלטערען ווייזען צו קינדער, מיט דעם גאנצען קאמפף וואס עלטערען פיהרען געגען דעם הונגער און דעם טוידט וואס שוועבט איבער זייערע פאמיליען, אויסער דיעזער ליעבע צוא קינדער, ליעגט אויף דיא עלטערען נאך אלאסט וואס איז פיעל גרעסער וויא ליעבע נעמליך, דיא פליכט פון ערציהונג.

דיא פליכטען וואס עלטערען האבען צוא זייערע קינדער זיינען זעהר גרויס, זייא זיינען נאך גרעסער וויא ליעבע צוא זייערע קינדער, פונקט אזוי וויא עלטערען זיינען מחויב צוא זעהן זייערע קינדער זאלען האבען וויגעלאך און מילך אין די באטעלס, זיינען זייא מחויב צו זעהן, אז דיא קינדער זאלען אויף־וואקסען געזונד ריין מאראליש און זאלען זיין ניצליכע און גוטע בירגער אין דער וועלט.

צו זאגען אז עלטערען ווילען עס ניט וועט זיין א ליגען, דיא ליעבע צו קינדער וואס דיא נאטור האט א ריינגעגעבען אין יעדען'ס הערץ טרייבט עלטערען צוא דיעזען וואונש.

## OUR CHILDREN: ADDRESS AT A BAR-MITZVAH.

By Joseph Zeff.

---

My Dear Bar-Mitzvah, Parents, Relatives and Friends:

Is there another thing on earth dearer to us than our child? Do you know that mother who would exchange her babe for gold and precious stones? Have you seen the father who would let his child die in order to sustain the life of his business?

The world's history is crowded with episodes of sacrifices for children. Still, with the entire love that parents show to children, with the entire struggle that parents undertake against hunger and death which hover over their families—besides all this love to children, there rests a burden upon the shoulders of parents which is greater than love, namely, the duty of bringing up their children.

The duties which parents have toward their children are considerable; they are greater than the love to their children. Just as parents are in duty bound to see that their children have cradles and milk in the bottles, so they are in duty bound to see that the children grow up healthy, pure morally and useful and good citizens of the world.

To say that parents do not want it, is not true. The love for children wherewith nature has endowed every heart, leads parents toward this wish.

ליידער ווייסען וויייניג עלטערען וואו קינדער ליעבע פאנגט זיך אן און וואו דיעזע ליעבע דארף זיך ענדיגען. פיעלע עלטערן ווייסען ניט מיט וואס זייא העלפען זייערע קינדער און מיט וואס זיי שלאכטען זייא פאר׳ן שטן.

מיר ריידען דאָ פון אידישע עלטערען און אידישע קינדער, און די ליבע פון אידישע עלטערען איז דיא גרעסטע אין דער וועלט. אָבער ליידער, מיט דער גאַנצער ליעבע וואָס אידישע עלטערען האָבען צו זייערע קינדער. זאָרגען זייא מייסטענס פאַר דעם קינד׳ס מאָגען, פאַר דעם קינד׳ס שיך, אָבער זעהר זעלטען פאַר דעם קינד׳ס מאָראַל. די אידישע מוטער וועט פערמשכּונ׳ען דיא לעצטע קישעלע צוא קורירען איהר קינד׳ס הוסט, און זיא וועט רייסען קברים, ווען איהר קינד רייסט אַ פינגער, אָבער זיא וועט זעלטען פערליערען אַ זיפץ ווען זיא הערט וויא איהר קינד געוואָהנט זיך אין זאָגען אַ ליגען און וועט אַפילו ניט דערצעהלען דעם פאָטער ווען זיא ווייסט, אַז איהרע קינדער פערקעהרען מיט שלעכטע קאָמפּאַניע.

דורך נאַכלעסיגקייט ווערט ערמאָרדעט דיא מאָראַל פון פיעלע קינדער און דיעזע נאַכלעסיגקייט איז אין דיא גרויסע שטעדט און בעזאָנדערס אין דער אידישער געטהאַ.

אין דיא גרויסע שטעדט פון אַמעריקאַ האָבען איינגעוואַנדערטע אידען זיך איינגערעדט אַז דער גאַנצער שטרעבען פון עלטערען דאַרף זיין צו ערציהען אַ קינד ער זאָל זיך קענען ערנעהרען, און ווען דאָס קינד פערדיענט זיין ברויט איז ער פרייא צוא געהן מיט וועמען ער וויל און וואוהין ער וויל, אָפט גלויבט דער גרינער פאָטער אַז זיין קינד, וואָס האָט בעזוכט דיא פּאָבליק סקוהלס, רעדט ענגליש און פערדיענט מעהר פון טאַטען איז אַ פיעל העכערער מענש פון זיינע עלטערען, וואָס דאַרף מעהר פון קיינעם ניט לעהרנען. זייא לאָזען איבער דיעזע „גדולים“ זייא זאָללען אויס וואַקסען פון זיך אַליין און דער רעזולטאַט דערפון איז אָפט זעהר טרויעריג. דיעזע קינדער וואָס ווערען צופריה זייערע אייגענע עלטערען זיינען לייכט צו פערבלאָנדזען פון גלייכען וועג און אַריינ־צו־פאללען אין איין אָב־גרונד, וואס ברענגט אונגליק פאר זייא און שאנדע פאר זייערע עלטערען.

But alas, very few parents know where the love for children begins and where this love should end. Many parents know not wherewith to help their children and how they are sacrificing them to Satan.

We refer here to Jewish parents and Jewish children, and the love of Jewish parents is the greatest in the world. But, with all the love that Jewish parents bear toward their children, they care mostly for the child's stomach, for the child's shoes, and seldom for the child's morals. The Jewish mother will pawn her last pillow in order to cure her child's cough; she will appeal to the dead in their graves when her child's finger is sore, but she will seldom loose even one sigh when she hears her child getting used to tell lies, and she will not even tell the father when she knows that her child mingles in bad company.

Through negligence, the morality of many children is being killed, and this negligence is particularly rampant throughout the great cities and especially in the Jewish Ghetto.

In the great cities of America, immigrant Jews have decided that their main care is to see their children enabled to earn their livelihood, and when the child is capable of earning his bread he is then free to choose his own company and go wherever he wishes. Often the immigrated father believes that his child who went to public school and earns more than his father, is by that virtue a higher being than his parents and he needs no more any teaching. They leave them to grow up by themselves and the result is often a sad one. These children who become ripe too soon are apt to go astray, and ultimately sink into an abyss which causes misfortune for them and shame for their parents.

בּרויט פאַר קינדער איז אַ וויכטיגע זאַך, אָבער נאָך וויכטיגער איז פאַר קינדער איין ערציהער, אַ וועגווייזער. ווער עס האַלט זיין קינד אונטער זיין אויפזיכט, ווער עס פאָרשט אוים דעם כאַראַקטער פון זיינע קינד'ס חברים, דער וואָס בעשטימט די צייט פון זיין קינד'ס שלאָפען, עסען און שפּאַציערען, דער טהוט פאַר זיין קינד פיעל מעהר ווי דער, וואָס בּויט פאַר זיין קינד אַ הויז און שפּאָרט פאַר איהם געלד אין באַנק, און דער פערשאַפט זיך אַליין דעם גרעסטען גליק אין דער וועלט. אַ גוטעם קינד איז אַ רייכטהום, אַ־שעהנעם קינד איז אַ ציערונג און איין עהרליכעס קינד איז אַ מתּנה, וואָס איין מענש קען דעם צווייטען ניט געבּען.

אַ קערפּער קען אוֹיפוואַקסען זאָגאַר ווען ער ווערט געהאָדעוועט מיט בּיליגע שפּייז, אָבער אַ גייסט קען זיך ניט ענטוויקלען ווען ער וואַלגערט זיך אָהן אַ ריכטיגע ערציהונג. דיא זיידענע קליידלאַך וואָס אַ קינד צורייסט זיינען אויף איהם ניט קענטיג אין זיינע עלטערע יאָהרען, אָבער דיא גוטע לעהרע, דיא שעהנע מדות וואָס אַ קינד געניסט, זיינען דימענטען וואָס בּלישצען פון איהם אַרוים זיין גאַנצען לעבּען. קליידער און לוקסוּס געהן פערלאָרען, אָבער עהרליכקייט בּילדונג און מאָראַל, בּלייבּען וויא דיא פּיראַמידען, וואָס וויזען דיא נעכּסטע דורות דעם ווערטה פון גוטע עלטערען.

קינדער—דאָס זיינען אונזערע דימענטען, מיר מוזען זיי אָבער שלייפען, וויל מיר דאַרפען פון זייא מאַכען מענשען מיר זאָלען זיך מיט זיי ניט שעה־מען אין אונזערע קברים. עס איז אַ פעהלער צו מיינען אַז ווען אַ קינד דער־גרייכט 13 יאָהר הערען אויף די פליכטען פון עלטערען, אָה, ניין! ניט דאָס מיינט דער „בּרוּך שפּטרני“, דען ווי לאַנג אַ קינד איז ניט ענטוויקעלט אַלס פאָלשטענדיגער מענש, שטעהט ער נאָך אַלץ אונטערען רשות פון זיינע פּראַק־טישע עלטערען איהם צוא ווייזען דעם וועג וואו עס איז ליכטיג און וואו עס איז פינסטער.

מיט דיעזע מאָראַלישע לעקציאָן אין זינען, ווינש איך אייך אַלעמען אַ־הערצליכען מזל־טוב, אַז דער בּר־מצוה זאָל פערשאַפען כּבוד זיינע עלטערען און כּל ישראל, און טאַטע מאַמע זאָלען פייערען מיט די זעלבּע בּעגייסטערונג די בּר־מצוה פון זיינע אייניקלאַך, די זיהן פון דיעזען 13־יעריגען בּעל־שמחה.

---

Bread for children is an important thing, but of more importance is an instructor and guide. Whoever keeps his child under his supervision; whoever studies his character and that of his child's companions, who determines the time for his child's sleep, eating and play—he does for his child more than to build a house and save for him money in a bank. A good child is wealth, a beautiful child is an ornament, and an honest child is a gift which no man can give to the other.

A body may grow up even if fed with cheap food, but the spirit cannot develop if it is not properly cared for. The silk dresses which a babe tears bear no results, when grown up, but healthy instructions, ethical culture which a child imbibes are diamonds that glisten throughout life. Dresses and luxury are being lost, but honesty, education and morality remain like the pyramids to show to the future generations the value of good parents.

Children, these are our diamonds; but we must polish them, for we must make of them such human beings that we may not be ashamed even in our graves. It is a mistake to think that when a child reaches his thirteenth year our parental duties cease. Oh, no! Not this is meant by "Good riddance," for as long as a child is not developed into a perfect man, he is still under the control of his practical parents to show the way where it is light and where it is dark.

With this moral lesson in mind, I wish you all a hearty good-luck. May the Bar-Mitzvah be the cause of honor to his parents and to all Israel. May father and mother celebrate with the same enthusiasm the Bar-Mitzvah of their grand-children, the sons of this thirteen-year-old boy.

# רעדע בייא א בר־מצוה

## פון תשר״ק.

---

מר. טאסט־מייסטער, קרובים און פריינדע!

מיר זיינען היינט צוזאמענגעקומען אום צו פייערען דעם טאָג אין וועל־כען א קינד געהט איבער אין דעם עלטער פון אַ מאן, מיט אייגענע פפליכ־טען און מיט אייגענע פעראַנטוואָרטליכקייט. אמאל, ווען דיא וועלט איז גע־ווען אין איהר יוגענד, אין איהר בליהונגס פעריאָדע, זיינען מענשען צייטיג געוואָרען זעהר פריה, און צו דרייצעהן יאהר איז א קינד געוואָרן אַ פאלקא־מענער מענש, מיט אַ פאלקאמענע דעה און איז געווען פאלקאם פעהיג צו שפילען זיין ראליע אין דער וועלט. היינטיגע צייטען דורך דעם איננאטיר־ליכען לעבען וואס מענשען פיהרען, איז דיא וועלט געוואָרען אבגעלעבט, און מענשען וואקסען זעהר לאנגזאם, און דארום, בייא דאס רוב פעלקער, איז א מענש צו דרייצעהן יאהר נאך אַלץ א קינד, און אונטער דער השגחה פון דיא עלטערן. אבער מיר אידען, וואס פיהרען אימער א גע־זונדען און נארמאלען לעבען, זיינען מיר נאך אימשטאנדע צו דרייצעהן יאהר ערקלעהרען אונזערען א זוהן אלס אן ערוואקסענעם מאן און מאכען דיא ברכה „ברוך שפטרני״.

וואס בעדייט דיעזע ברכה? וואס איז דער ריכטיגער מיין פון „ברוך שפטרני״? איז דער אידישער פאטער אזוי גלייכגילטיג צו דעם וויא זיין זוהן וועט זיך אויפפיהרען נאך דעם וויא ער ווערט בר מצוה? איז עס דען מעגליך, איז עס דען רעכט אז א פאטער זאל זיך פרעהען און זאל דאנ־קען גאט פאר דעם וואס ער איז ניט מעהר פעראנטווארטליך פאר זיין זוהנ׳ס מעשים? נו, און ווען אפילו דער פאטער איז ניט מעהר פעראנט־ווארטליך דארף איהם ניט קימערען וויא זיין זוהן וועט זיך אויפפיהרען אויף

## FOR A BAR MITZVAH.

By Tashrak.

Mr. Toastmaster, Relatives and Friends:

We have assembled to celebrate the day of a child's transition, when he becomes a man having duties and responsibilities. Once upon a time, when the world was still young, in its blooming period, men became ripe very early, and at thirteen years a child became a thorough man, and he was perfectly well able to play a part in the world. Now, owing to the unnatural life which men lead, the world became abnormal and men grow very slowly, and, therefore, among most people a man of thirteen years is still a child and under the guardianship of parents. But we, Jews, who always lead a healthy and normal life, are still capable to declare even at the thirteenth year that our son is grown up, and we repeat the benediction of "Good riddance."

What does this benediction signify? Does it mean that the Jewish father remains indifferent as to the conduct of his son after he becomes a Bar Mitzvah? Is it possible, is it right that a father should rejoice and thank God because he is no more responsible for his son's acts? Granted that the father is no more responsible, ought

ווייטער? ניין, אזא פאטער וואס פרעהט זיך דאס מען וועט איהם שוין מעהר ניט שטראפען פאר זיין זוהנס מעשים, דער איז ניט א גוטער פא־טער, דער איז א שלעכטער פאטער, א פאטער אהן א הארץ.

מיינע ליעבע פריינד איך וויל אייך היינט ערקלערען א נייעם פשט אויף דער ברכה „ברוך שפטרני". דער נייער פשט איז א נאטירליכער, עס איז א גלייכער פשט וואס לייגט זיך אויף'ן שכל, און איך בין זיכער אז איהר וועט אלע איינשטימען מיט מיר.

וויא מיר זעהן יעצט אין דער וועלט איז דיא השגחה וואס א פאטער גיט אויף זיין זוהן זעהר א שוואכע. דער פאטער היט איהם ביי שריט און טריט, ווען דער אינגעלע זיצט ביי'ם טיש, אדער ער שפיעלט זיך ארום אין הויז, אדער אין גאס, דיא אויג פון'ם שטרענגען פאטער שלאפט ניט און דרעמעלט ניט און בעמערקט יעדען קליינעם פעהלער וואס דאס קינד מאכט. א קליינער אינגעלע האט אויף זיך א גאנצען שולחן ערוך מיט שווערע דינים און חומרות, און דיעזע אלע שווערע דינים זיינען גע־גרינדעט אויף דעם פרינציפ אז א אינגעלע טאהר ניט טאהן וואס א גרוי־סער מעג טאהן, א קליינער אינגעלע טאר ניט ריידען ביים טיש. א קליינער אינגעל טאהר ניט לאכען הויך. א קליינער אינגעל טאהרניט עפענען א מויל ווען איין עלטערער מענש רעדט. א קליינער אינגעל טאהר ניט רויכערען סיגארעטס, ער טאהר אליין קיין זאך ניט נעהמען און הויז, ער טאהר זיך ניט שפיעלען מיט דער קאץ, ער טאהר ניט רייטען אויף א הונט, און ער טאהר ניט טאהן הונדערט אנדערע זאכען וואס יעדער קליינער אינגעל וויל טהאן אין וואס דער פאטער האט אליין געטאהן ווען ער איז געווען אין דעם אינגעלס יאהרען. פאר וואס? פאר ווען? מען טאהר ניט פרעגען! אז דער פאטער איז געווען א אינגעל האט ער אליין ליעב געהאט צו טהאן דיעזע אלע זאכען און זיין פאטער האט איהם דאן געזאגט אז א קליינער אינגעל טאהר אזעלכע זאכען ניט טאהן. איהר מיינע פריינדע, זייט כמעט אלע פאטערס פון קינדער, און איהר ווייסט וויא ניט גוט עס איז צו זאגען מוסר און צו שטראפען א קינד פאר דיא זעלבע חטאים וואס איהר האט אליין בעגאנגען ווען איהר זייט געווען אין דעם אינגעלים יאהרען. איך

he not care for his son's conduct in the future? Nay, a father who rejoices because he will not be punished for his son's acts is a bad father, a heartless father.

My dear friends, I will give you to-day a new explanation concerning the benediction of "Good riddance." The new explanation is a natural one, it stands to reason and I am sure that all of you will agree with me.

As we perceive now, the guardianship of a father over his son is not a very strong one. The father takes particular care of his son when he sits at the table, plays around the house or in the street. The eye of the careful father closes not and detects every small mistake which the child commits. A small boy has upon his shoulders an entire code of laws and commandments, and all these laws are founded upon the principle that a small lad is not allowed to do what an older one may do, that a small lad is not allowed to talk at table, that he may not laugh aloud, that he may not open his mouth while an older one talks, that he is not allowed to smoke cigarettes, that he is not allowed to take anything from the house, not to play with the cat, not to ride on the dog, and he may not do a hundred other things that a small boy wishes to do Why? Wherefore? No questions are to be asked. When the father was a child he loved to do all these things,and his father told him that hewas not allowed to do them.

You, my friends, are almost all fathers of children, and you know very well how unpleasant it is to preach to and to punish the children for the same transgressions which you have committed while being of their age. I know how your conscience torments you and

ווייס וויא אייער געוויסען פלאגט אייך ביי דעם און וויא שווער עס איז פאר אייך צו מאכען דעם אנשטעל און זיך צו בייזערן אויף אייער זוהן, און דערביי דערמאנען זיך אז איהר זייט געוועזען ניט בעסער פון איהם, און פיליכט נאך ערגער ווען איהר זייט געוועזען אין זיין עלטער. און איך קען פיהלען דיא פרייהייט וואס איהר פיהלט ווען עס קומט דער טאג אין וועלכען אייער זוהן ווערט בר מצוה, ער ווערט א פאלקאמענער מאן, און איהר זייט פטור פון צו מוסר'ען איהם אזוי פיעל, איהם צו שטראפען און זאגען וואס א אינגעל מעג און וואס ער טאהר ניט. און דיא ברכה וואס איהר מאכט אין דעם טאג איז: ברוך שפטרני מענשו שלזה — געבענשט זאל זיין דער אויבערשטער וואס האט מיך בעפרייט פון דער ביזנעס צו שטראפען אט דיעזען אינגעל! ער איז שוין יעצט א מאן, ער האט זיין פרייהייט און זיין אייגענעם ווילען, און פון דעם פאטער איז אראב דער שווערער יאך. אט דאס איז דיא ריכטיגע מיינונג פון „ברוך שפטרני". עס הייסט ניט אז דער פאטער ווארפט פון זיך אראב דיא גאנצע פעראנט־ווארטליכקייט פאר זיין זוהן. ניין! דער פאטער וועט בלויז דעם זוהן מעהר ניט פערבאטען זאכען וואס ער פלעגט אליין טהאן ווען ער איז גע־וועזען אין דעם אינגעל'ס עלטער, אבער דיא אויגען פון דעם טרייען גוטען פאטער וועלען אויפפאסען אויף דיא וויכטיגע פונקטען פון זיין זוהן'ס קינפטיגע קאריערע, און איהם מאכען פאר א מענשען בעליעבט און געאכטעט פון אלעמען, א טרייער איד און א גוטער בירגער. לאמיר האפען אז דער שעהנער וואונש פון פאטער וועט ערפילט ווערען.

how hard it is for you to show an angry face to your son, remembering, in the meantime, that you have not been any better and perhaps worse while of his age. I can feel the liberty which you enjoy when the day of your son's Bar Mitzvah arrives. He becomes a perfect man and you get rid with preaching to him all the time, punishing him and telling him what a lad may and may not do.

The benediction which you uttered to-day was, "Good riddance of this punishment." You mean to say that you are very glad to be freed from the job of punishing your boy. He becomes a man; he acquires liberty and self-assertion and the father gets rid of the heavy yoke. This is the real meaning of "Good riddance." It does not signify that the father throws off all responsibilities for his son. No. The father will simply discontinue to forbid his son to do things which he had done while of his age. But the eyes of the good and loving father will continue to watch all important points in the future career of his son. He will endeavor to make of him a man, beloved and respected by all, a true Jew and a good citizen. Let us hope that the beautiful wish of the father be fulfilled.

# צוא א בר־־מצוה!

פון יחזקאל לעוויט.

## רעדע פאר'ן פאטער פון א בר־־מצוה

היינט איז דיר געוואָרען דרייצעהן יאָהר! היינטיגער טאָג איז דער אָנפאַנג פון אַ נייע צייט אין דיין לעבען! היינט ווערסט דוא איין אַקטיווער מיטגליעד פון דער גרויסער אידישער געזעלשאַפט און בעקומסט אַלע רעכטע וואס יעדער איינער פון איהרע מיטגלידער האָט. פון היינטיגען טאג ביזט דוא פערפליכטעט אָנ־צו־טאָהן דעם צייכען פון דיין שטאַם. און דיעזער צייכען הייסט: תפלין. דיעזען מערקווירדיגען צייכען דאַרפסט דוא אָנ־טאָהן אויף דיין לינקער האַנד, געגען האַרצען, און אויף דיין קאָפּף, צווישען דיא אויגען, מען בינד צוא דיא תפלין צום האַנד געגען האַרצען, — אום דיא געדאַנקען, וואָס קומען אַרויס פון דאָרטען, זאָלען זיין ריין, קלאָר, עהרליך, ער־האַבען; אויפ'ן קאָפּף טהוט מען עס אן, — אום דיא רעיונות, דיא מחשבות, וואס ווערען דארטען בעשאַפען, זאלען זיין גוטע און עדעלע, ערהאַבענע און ליעבענסווירדיגע; מען טהוט עס אן צווישען דיא אויגען, — אום דיא אויגען זאלען שטענדיג קוקען אויף אַלעס, וואס איז שעהן און נאבעל, צאַרט און ליעבליך, אַנשטענדיג און פיין. איך האב געזאגט „ברוך שפטרני מענשו של זה", עס הייסט: איך האב זיך ענטזאַגט פון דיא פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איך האב ביז יעצט געהאַט פאַר דיינע טהאַטען, ווייל פון יעצט אן וועסט דוא אַליין זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלעס, וואס דוא וועסט טאהן. יא, דוא אַליין וועסט זיין פעראַנטוואָרטליך! — און וואס דוא וועסט זעען, וועסט דוא שניידען. מיין קינד! דוא ביסט יונג און ניט ערפאַהרען, און דיא וועלט, אין וועלכע מיר געפינען זיך, איז אַזויא גרויס, אַזויא ברייט, אַז זאָגאַר ערפאַהרענע מענשען געהען אין איהר אפטמאל אום וויא אין עולם־התוהו און קענען קיין אויסוועג ניט געפינען... און דארום וועל איך דיר געבען מיין ראַטה, וויא אַזוי דוא זאלסט זיך פיהרען, וויא אַזויא דוא זאלסט האַנדלען, אום דוא זאלסט אַנערקענט ווערען אַלס אַ ניצליכער און ווינשענס־ווערטהער מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט.

ערשטענס: „דעלך סני, לחברך לא תעביד" (שבת ל"א), עס הייסט: וואס דיר איז אונליעב דאס זאלסט דוא איינעם אנדערען אויך ניט טאהן.

## TO A BAR-MITZVAH.

ADDRESS BY THE FATHER OF THE BAR-MITZVAH.

**by Ezekiel Leavitt**

You are thirteen years of age to-day. This day is the beginning of a new period in your life. To-day you are initiated as an active member in the great Jewish society and you get all the rights which every one of its members has. From to-day on you are in duty bound to put on the mark of your tribe, and this mark is called "Tephillin;" this significant mark you have to put on your left hand against your heart, and upon your head between your eyes. The Tephillin are tied to the hand against the heart in order that the thoughts which issue from there should be pure, clean, honest, lofty; upon the head, in order that the contemplations created there should be good and noble, lofty and loving. It is put between the eyes so that they may look upon all that is beautiful and great, tender and loving, honest and pure. I have said to-day, "Good riddance of this punishment," meaning that I have renounced myself of the responsibility for you, for, from now and further on, you shall be responsible for your own actions. Aye, you, alone, shall be responsible, and whatever you will sow you shall reap. My child, you are young and inexperienced in this world, which is so great, so broad, that even experienced men get lost and cannot find their way out. Therefore, I will give you my advice, how you should act so that you might be recognized as a useful member in society.

First, whatever it pleases you not, do not unto others.

דוא ווילסט דאך ניט אז מען זאלל דיר בעריידען, אַז מען זאלל בע־שמוצען דיין נאמען און דיין עהרע, דוא ווילסט דאך ניט אַז מענשען זאלען בעליידיגען דיינע געפיהלען און דיינע אידעאַלען, דיינע שטרעבונגען און דיינע האפנונגען, הכלל — דעם קדשי־קדשים פון דיין „איך", פון דיין נשמה — און דארום זאלסט דוא עס אויך ניט טאהן: זאלסט אויף קיינעם קיין שלעכטעס ניט ריידען, און הויפטזעכליך זאלסט קיינעם קיין שלעכטעס ניט פערשאַפען. זאל דיין הארץ זיין אַ טעמפעל פון גוטסקייט און פון עדעלקייט, פון רחמנות און פון גרעכטיגקייט. דוא זאלסט שטענדיג האבען אין זינען, אַז „כל שרוח הבריות נוחה הימנו, רוח המקום נוחה הימנו" (אבות), עס הייסט: ווער עס איז געפעליג דיא מענשען, דער איז גאט אויך געפער־ליג, און דעריבער זאלסט דוא אנווענדען דיינע אללע מעגליכקייטען צוא געווינען חן בייא לייטען און צוא פערדיענען ליעבע און רעספעקט. דוא ביסט יעצט יונג! פאַר דיר איז פאַראַן אַ גאַנצער ים מיט לעבען, א ברייטער פעלד האפנונגען, א גרויסע וועלט מיט טהעטיגקייט, טהו, ארבייט, שאף, האף, שטודיר, לערען, און בריינג נוצען און גוטע רעזולטאטען דער גע־זעלשאפט, צוא וועלכער דוא בעלאנגסט, ארבייט איז דער פונדאמענט פון ערפאלג; ארבייט איז לעבען. און לעבען — איז ארבייט, און דארום זייא ניט פויל, זייא געדולדיג און ענערגיש. ווען איך זאג „ארבייט", מיין איך ניט דוקא פיזישע, ווייל אזא ארבייט דארפסט דוא פארלויפיג ניט טאהן, אבער לערנען עטוואס הייסט אויך ארבייטען, ווייל בלויז דורך מיה און ארבייט קען מען עטוואס ערררייכען, קען מען עטוואס אויסשטודירען, קען מען עטוואס אויסלערנען, אבער ניט בלויז בילדונג זאלסט דוא, מיין קינד, זעהן צוא ערררייכען, ווייל זיא איז נאך ניט אללעס. עס איז פאראן אזאך, וואס זיא איז נאך טהייערער פון בילדונג, טהייערער פון אלע חכמות, פון אללע וויסענשאפטען. ווייסט דוא וואס איך מיין? — כאראקטער מיין איך, ווייל א גוטער און איין עדעלער כאראקטער איז דער אל"ף און דער ת"ו פון בילדונג, פון ציוויליזאציאן, פון פראגרעס, — פון אלעס. איינער פון דיא גרעסטע שרייבער האט געזאגט: „דער ערשטער שטיין אין דער פריידהייט'ס געביידע איז גוטע מדות". יאַ, מיין קינד, גוטע זיטען און עהרליכע בענעהמונגען—דאס איז דער צעמענט, וואס פאראייניגט, פערשטארקט דיא מענשהייט, דאס איז דער יסוד, אויף וועלכען זיא האלט זיך. אונזערע חכמים האבען איינגעוויקעלט דיעזען געדאנק אין א קורצען אבער פיעל בע־דייטענדען מאמר „דרך ארץ קדמה לתורה" (תנא דבי אליהו רבא רפ"א), ווייל

You do not want to have one besmirch your name and honor; you do not want that people should insult your sentiments and ideals, your strivings and hopes, in short the holy of holiness of your "ego," of your soul, and therefore you shall not do likewise. Speak not evil of anyone and you shall not particularly hurt your neighbor. Let your heart be the temple of goodness, nobleness, pity and justice. You shall always bear in mind that when people are pleased with you, even God is pleased with you. Therefore do all there is in your might to gain grace, love and respect in the eyes of your fellow-men. You are still young; before you there is an entire ocean of life; a broad field of hope, a great world of activity; do, work, create, hope, study, learn, be useful and bring good results to the society to which you belong. Work is the foundation of success; work is life and life is work. Therefore, be not lazy; be patient and energetic. When I say "work," I do not mean exactly physical, for you need not do so as yet, but to learn means to work too, for through struggle and work you can reach something, you can study a profession. But education is not all. There is another thing dearer than education, better than wisdom, better than science. I mean character. A good and noble character is the A B C of education, civilization, progress—of all. One of the greatest writers said, "The first stone in the temple of freedom is good behavior." Yes, my child, good behavior and honest actions are the cement which unites, strengthens humanity; it is the very foundation upon which it stands. Our sages have pronounced this thought in the following words, "Good behavior is prior to the Thorah." With-

אהן דרך ארץ, אהן זיטליכקייט, איז דער העכסט געבילדעטער מענש בלויז וויא גוטער ווייז אין א שלעכטער פאס, א ראזע, וואס איז בעדעקט מיט דערנער, א דימענט, וואס איז איינגעפאסט אין בלאטע...

„שלשה כתרים הם: כתר תורה וכתר כהונה וכתר מלכות, וכתר שם טוב עולה על גביהם". (אבות). זעהר ריכטיג האָבען אונזערע גרויסע לעהרער בעמערקט, אז „כתר שם טוב עולה על גביהם". עס הייסט: די קרוין פון א גוטען נאָמען איז העכער פון די דריי פריהערדיגע קרוינען, ווייל א גוטער נאמען איז אלעס, א גוטער נאָמען איז דער גרעסטער אוצר, די שעהנסטע ציערונג, און א גוטען נאָמען קען זיך נאר א מענש ערווערבען בלויז דורך א עהרליכען כאראקטער, דורך גוטע מעשים, דורך אנשטענדיגע אויפפיהרונג. מיין קינד! דו ביזט יעצט ארויס פון מיין רשות—ביזט אליין פעראנטווארטליך פאר דיינע טהאטען. אָ, געדענק עס, ניט פערגעס! היט דיין עהרע, היט דיין נאָמען, טהו גוטעס און מייד אויס שלעכטעס. זיי א גוטער זוהן, זיי א ליעבענדער חבר, זיי אגעטרייער ארבייטער פיר די אינטערעסען פון אלע פערפאָלגטע און אונטערדריקטע בכלל און פיר די אינטערעסען פון דיין אָרימער אידישער אומה בפרט. שטודיר איהר געשיכטע, לעהרען איהר שפראך, נעהם אנטהייל אין איהרע לײדען און פריידען און טהו אלעס מעגליכעס צו פערגרינגערען איהר יאָך, צו פערבעסערען איהר לאגע און צו שאפען פאר איהר א בעסערע, א זיכערערע און א העררליכערע צוקונפט. זאָל דיר גאָט געבען קרעפטען און מוטה צו ערפיללען אלע דיינע פליכטען, און זאָל היינטיגער טאָג, דער אָנפאנג פון א נייער עפאָכע אין דיין לעבען, פערבלייבען אין דיין זכרון אלס א טאָג פון אמת'ע פריידען; זאָל היינטיגער טאָג זיין איין אָנפאנג פון א סך גליקליכע און רוהיגע טעג פאר דיר; זאל ער דיר ברייגנען נייע האפנונגען און פערלאנגען, נייע שמחות און שטרעבונגען.

מיין קינד! די תפלין זיינען דיין דיפלאָמא, אז דו ביזט שוין א פאָלשטענדיגער איד און א פעראנטווארטליכער מענש. זאָל זיין דיין דעוויז, דיין מאָטאָ: אידעשלאך און מענשליך. זיי א שעהנער איד און א גוטער מענש! זאָלסט שטענדיג האָבען אין זינען, אז דו ביזט א מענש און אלעס, וואס בעלאנגט צו מענשהייט, דארף דיך אינטערעסירען. אָבער צוליעב די מענשהייט פערגעס ניט דיין אידישקייט, און אומעטום זאלסט דו מיט שטאלץ זאָגען דעם נביא'ס ווערטער: „עברי אנכי!" איך בין א איד! און מיין פאָלק איז מיין „איך", מיין נשמה, מיין לעבען!

out character, without morality, the most educated man is like good wine in a rotten barrel; like a rose covered with thistles; like a diamond encased in mud.

Our sages said, "There are three crowns—the crown of the Thorah, the crown of priesthood and the crown of kingdom, but the crown of good behavior stands above all.

My child, you have to some extent been liberated from my supervision: you are responsible for your own acts. Do not forget this. Beware of your honor, beware of your name; do good and evade evil. Be a good son, a loving companion, a faithful worker for the interests of all persecuted and down-trodden generally, and particularly for your poor Jewish nation. Study its history, learn its language, participate in its sufferings and joys and do your utmost to lighten its yoke, to better its condition and create for it a better, a securer and a loftier future. Let the Lord give you power and courage to fulfill all your duties and let this day, the beginning of a new epoch in your life, remain in your memory as a day of joy. Let this day be the beginning of many joyful and tranquil days for you. Let it bring you new hopes and wishes, new rejoicings and strivings.

My child, the Tephillin are your diploma that you are a perfect Jew and a responsible man. Let the following device be your motto: Jewish and humanitarian. Be a good Jew and a noble man. Remember always that you are a man and all that is human should call for your interest. But because of humanity, you should not forget your Jewishness. Let the words of the prophet always be in your mouth, "I am a Jew." Repeat always, "I am a Jew and my people are myself, my soul, my very life."

# רעדע ביי א בר־מצוה
## פון רעוו. פערלמאן.

מיינע פריינדע!

דער זוהן פון אונזער פריינד איז היינט געווארען בר־מצוה און ער האָט אונז איינגעלאַדען צו דער סעודת מצוה געמאכט פאר דיעזער געלעגענהייט.

איך זאָג אז ווען אַ פאָטער, אַ אידישער פאָטער איבערהויפּט, דערלעבט דעם טאָג ווען זיין קינד ווערט אַ איד און ווערט פעראנטוואָרטליך פאר זיין אידישקייט — דיעזער טאָג איז דער גליקליכסטער פון זיין לעבען.

ביי אונז אידען איז דיא אמונה זעהר טהייער, ווייל זיא האָט אונז געקאָסט טהייערער וויא אירגענד אן אנדערע אומה אין דער וועלט. אונזערע אבות־אבותינו, אונזערע אבות און מיר זעלבסט, האבען פאר אונזער אמונה בעצאהלט מיט בלוט, מיט גליק און מיט אונזער לעבען.

וואָס מעהר מען בעצאהלט פאר אַ זאַך, אלץ טהייערער איז זיא.

מען בעהויפּטעט, אז אין דיעזען פרייען לאַנד, דארף זיך אַ פאָטער ניט שטאַרק פרייען מיט זיין זוהן ווען ער ווערט אַ בר־מצוה, ווייל אדמת אמעריקע, אווירא דאַמעריקע, שמעקט מיט אַפּיקורסית און כפירה.

אָבער, אויף וויא ווייט איך קען זאָגען איז דאָס ניט אמת. אַפּיקורסים און כופרים האָבען מיר אויך אין דער אַלטער וועלט, און ווער עס וויל ניט זיין קיין איד, איז ער קיין איד ניט אפילו נעבען כותל מערבי.

נאָר הערט וואָס איך וועל אייך זאָגען. מיט 250 יאהר צוריק זיינען געקומען קיין ניו יארק 17 אידען. זיי זיינען געווען אויסגעזעטצט צו אלערליי נסיונות; זיי זיינען געווען קליין, ווייניג, מעטים בגוים רבים, נאר, פון דעסטוועגען, זיינען זיי פערבליעבען אידען. מיר קענען געפינען אַלע

## ADDRESS TO A BAR MITZVAH.

By Rev. Pearlman.

My Friends:

The son of our friend became to-day a Bar Mitzvah and he has invited us to celebrate with him the feast of the Law on this occasion.

I say that when a father, and a Jewish father in particular, lives to see the day when his child becomes a Jew and takes upon himself the responsibility of his Jewishness—this day is the happiest of his life.

With us Jews religion is very precious, for it costs more than the religion of any other nation in the world. Our patriarchs, our parents and ourselves paid for our religion with blood, happiness and lives.

The more you pay for a thing the dearer it is.

It is said that in this land of the free a father has not to rejoice very much when his son becomes a Bar Mitzvah, for the soil of America, the very air savors of heresy and apostacy.

But as far as I can say this is not true. There are heretics and apostates also in the Old World, and whoever cares not for Judaism is not a Jew even on the soil of the Temple.

Let me relate to you something important! Two hundred and fifty years ago there came to New York seventeen Jews. They were exposed to all kinds of trials; they were small in number, insignificant, few among many, nevertheless they remained Jews. We can still find their children living in New York,, increased in

זייערע קינדער לעבענדיג אין ניו יארק. פערמעהרט, פערברייטעט, גע־וואָרען שטאַרק און רייך, אבער אידען זיינען זיי.

איך וועל אייך מודה זיין אַז זיי טראָגען ניט קיין באָרד און פאות. אבער, ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, איך האָב געזעהן באָרד און פאות אָהן אידען און אידען אָהן באָרד און פאות.

דער איד, דיא אידישקייט, ליעגט ניט אין באָרד און פאות. דער איד איז איינגעבאקען אין אידישען הארץ, און גראדע אזעלכע אידען האָבען מיר זייער פיעלע אין אמעריקע.

טאָמער קומט עפעס אַ נויט אויף זייערע ברידער, ווערען באלד זייע־רע הערצער דערוועקט; טאָמער זיינען אידען געררודף׳ט איילען זיי זיך מיט זייערע שעהנע נדבות.

און, אין זייערע שטילע, אבער רייך־געמעבילירטע צימערן, וועט איהר זיי אפטמאל טרעפען מיט זייערע טלית און תפילין מתפלל זיין צום בורא העולם

דער כח פון דער אידישער אומה איז געלעגען אין דעם, וואָס דער איד האָט זיך געקענט צו פּאַסען צו יעדען לאַנד, און צו יעדען קלימאַט, און פערבלייבען איד.

דער זוהן פון אונזער פריינד איז היינט געוואָרען בר־מצוה. ער איז געוואָרען בר־מצוה דאָ בייא אונז, אין אַמעריקע, אַלאַנד וואו יעדער איינער קען דיענען גאָט אונגעשטערט, ווי ער וויל און ווי איהם געפעלט.

עס איז ביי מיר ניט קיין שום ספק, אַז ער וועט זיין אַ איד וויא עס פּאַסט פאַר זיינע עלטערען און פאַר זיינע עלטערענ׳ס עלטערען, וועלכע האָבען אַלע געליטען פאר אונזער אמונה, פאר אונזער גאָט, און פאר אונ־זער תורה.

אַלעס וואָס איך ווינש יעצט דיא עלטערען, איז, זייא זאָלען דער־לעבען דיא צייט צו זעהן זייער קינד אויסגעוואַקסען אלס אַ איד, אַ מענש און אַ בירגער, וואָס זאָל זיין אַ כבוד פאַר זיין אומה, פאר זיינע מיט־מענ־שען און פאר זיין לאַנד. אָמן!

---

numbers, spread over a large territory, strong and enriched, and they are Jews nevertheles.

I will admit that they wore neither beards nor corner-locks. But you must know that I have seen beards and corner-locks without Jews and good Jews without beards and corner-locks.

Judaism or Jewishness does not rest in the beard and corner-locks. Jewishness is embedded in a Jewish heart, and we have many of exactly such Jews in America.

If ever any of our brethren are in need and in trouble their noble hearts awake .; when Jews are persecuted they hasten with their contributions.

And within quiet but richly ornamented rooms you will often find them, clad in their Talith and Tephillin, praying to the Creator of the world.

The power of the Jewish nation rested always in the nature of being able to fit itself to the notions of every country, become acclimatized and still remain Jews.

The son of our friend became to-day a Bar Mitzvah. He became a Bar Mitzvah here among us in America, a country where everyone may serve his God according to his own belief and pleasure.

I doubt not that he will be a Jew doing honor to his parents and forefathers, who have suffered for religion, our God and our Torah.

I now wish his parents to live and reach the time when their child will grow up and be a Jew, a man and a citizen, an honor to his nation, an honor to his country. Amen!

# צו א בר־מצוה.

פון אברהם ראזין.

אין די תפלין וואס אונזער בר־מצוה האט היינט צום ערשטען מאל זיך אויסגעציערט, שטעהן דיאווערטער: „שמע ישראל, ד׳ אלקינו, ד׳ אחד״, הער ישראל, אונזער גאט איז איין גאט.

מיט דיעזע אמונה אין אחדות הבורא, האבען מיר געוואנדערט בין עמים רבים, מיר האבען געליטען, מען האט אונז געררודפ׳ט, און מיר זיינען נעבליבען פארט ביי דיעזער אמונה, ווען דיא קדושים פון אונזער אומה, זיי־נען געפיהרט געווארען אויף דעם פייערדיגען מזבח פון דער אינקוויזיציאן, זיינען זיי אליין אריינגעשפרונגען אין דיא פלאמען און אויסגעשריען, „שמע ישראל, ד׳ אלקינו, ד׳ אחד״.

דיעזע ווערטער זיינען געווען שטארק גענוג אונז צוא געבען כח צום לעבען און צום שטארבען.

אונזערע חכמים האבען גערעדט בדרך משל און בעהויפטעט, אז גאט לעגט אויך תפילין. עס איז אלזא געווען זעהר אינטערעסאנט צוא וויסען, וואס אין גאט׳ס תפילין שטעהט געשריבען. די חכמים פרעגען אזוי: תפילין דמרא עלמא מה כתיב בהו? ומי כעמך ישראל גוי אחד״!. (ברכות ו׳.)

דאס הייסט אזויא: וואס שטעהט אין דעם בורא׳ס תפילין? דארט שטעהט: עס איז נישט דא נאך אזא פאלק וויא דיין פאלק ישראל!

דאס איז אמת. וויל קיינער האט נאך ניט אזוי פיעל געליטען ווי דער איד פאר אבהיטען די אמונה. אז עס איז דא בלויז איין גאט, הבורא ומנהיג את הכל. גאט מעג און איז אויך שטאלץ מיט די אידען וואס ער האט זייא אויסגעקליבען צו היטען זיין תורה.

מיין קליינער בר־מצוה! היינט ביסטו געווארען א מיטגליעד פון דעם גרויסען ארדען „ישראל״ און דער פאסירווארט איז דער „שמע״, וואס גאטט האט געזאגט „וקשרתם לאות על ידך ולטוטפת בין עיניך״. זאלסט עס אנביני־דען אלס א צייכען אויף דיין האנד און אלס א ציערונג צווישען דיינע אויגען.

# TO A BAR MITZVAH.

By Abraham Rozen.

My Friends:

In the Tephillin wherewith our Bar Mitzvah has adorned himself for the first time to-day, there are written the following words: "Hear O Israel the Lord our God is one God."

With this belief in monotheism we have wandered through many nations; we have suffered, we have been persecuted, but still we remained true to our religion. When the martyrs of our nation were led to the altars of the inquisition they disappeared in the tongues of the fiame exclaiming, "Hear O Israel, the Lord our God is one God."

These words were strong enough to empower us to live as well as to die.

Our sages, parabolically, said that also God is putting on Tephillin. It is thus very interesting to know what is written in God's phylacteries. The sages ask thus: "What is written in the phylacteries of God?" There is written, "And who among the nations is equal to Israel?"

This is true. None has suffered so much as the Jew has for keeping his religion, for adhering to the belief in one God, who created and is conducting the universe. The Lord may also be proud of the Jews whom he selected to keep His Torah.

My little Bar Mitzvah! To-day you become a member of the great order of Israel, and your password is "Hear O Israel," which God has ordained "to be tied as a mark on your hand and as phylacteries between your eyes."

דיא חכמים זאגען ווייטער „תפילין צריכין גוף נקי כאלישע בעל כנפים״ (שבת מ״ט.) צו די תפילין דארף מען האבען א ריינעם קערפער. מיינען מיינט מען דערמיט וויא „לב טהור ברא לי אלקים״, גאט האט מיר געשאפען א־ ריינעם הארץ.

א ריינער גוף הייסט, ניט נור א ריינע הארץ, נור אויך אלעס וואס געפינט זיך אין אונז זאל זיין ריין און זויבער, כדי מיר זאלען ווערט זיין צו זיין א מיטגליעד פון דעם גרויסען ארדען „ישראל״, וועמעס פאסירווארט איז „שמע״.

און זייענדיג א מיטגליעד פון דיעזען עלטסטען פון אלע ארדענס, דאר־ פען מיר ניט פערגעסען די גרויסע פעראנטווארטליכקייט וואס מיר טראגען.

דיא חכמים זאגען, „ישראל ערבים זה בזה״ (אבות.) איין איד איז ערוב פאר׳ן צווייטען, דאן „ישראל אחד חוטא וכולם נענשים״ (מכילתא יתרו.) איין איד זינדיגט און אללע ליידען.

מיין יונגער בר־מצוה, איך האב דיר דא דערצעהלט די פליכטען פון א אידען און אויך וויא שעהן און ערהאבענהאפט עס איז צוא זיין א איד. דוא וויסט גאנץ גוט, אפילו אלס קינד, וויא שלעכט עס וואלט געווען אן אנדער קינד זאל זינדיגען און מען זאל דיך בעשטראפען. דערפאר וועסט דו פער־ שטעהן, וויא שלעכט עס איז, דוא זאלסט זינדיגען, און אן אנדערער זאל ליידען.

צו זיין א איד איז א כבוד און א שטאלץ. מקיים צו זיין די מצוות וואס גאטט האט אונז געגעבען, איז שעהן און ערהאבענהאפט. צוא געהן בדרך הישר, הייסט, צו זיין א איד, און אזויא ווי דו ביסט א קינד מיט שכל, וועסטו געווים פערשטעהן וויא גוט דיר וועט זיין, אז דו וועסט ווערען א כבוד פאר דיינע עלטערען און אן עהרע פאר דעם ארדען „ישראל.

Our sages say further, "The Tephillin require a clean body like Elijah's, the man of wings." On another place it is explained with the words, "The Lord hath given me a clean heart."

A clean body means not only a clean heart, but that everything in us should be clean and pure so that we should deserve to be members of the great order of Israel, whose password is "Hear O Israel"!

Being a member of this oldest of all ancient orders, we must not forget the responsibility which we carry with us.

Our sages say again, "One Israelite is responsible for the other." Then, "When one Israelite sins all are punished."

My young Bar Mitzvah, I have told you about the duties of the Jew and also how beautiful and noble it is to be a Jew. You know very well, even as a child, how bad it is when another child sins and you are punished in consequence. You will, therefore, understand how bad it would be if somebody else should be made to suffer for your sins.

There is honor and pride in being a Jew. To perform the laws that God has given us is good and noble. To walk in the right path means to be a Jew, and as you are a sensible child, you will easily understand how good it will be for you, what honor for your parents, if you will become a worthy member of Israel.

# צו א בר־מצוה.

פון א. זולבערט.

איך ווענדע מיך יעצט צום בר־מצוה און צו זיינע עלטערן.

ווען איינער ווערט בר־מצוה, בעדייטעט עס ביי אונז אידען, אז ער נעהמט אויף זיך אַ גרויסע לאסט. דער פאָטער, ביי דיעזער געלעגענהייט זאגט: „ברוך שפטרני מענשו שלזה״, געלויבט איז דער וואס האט מיר בעפרייעט פון דיעזער שטראף.

עס איז אלזא אַ שטראף צו זיין פעראַנטוואָרטליך פאר אַ קינד׳ס זינד. אונזערע חכמים געהן ווייטער און ערקלערערן וואס פאר א זינד זיי זיינען; זיי רופען עס אן „עבירות בין אדם למקום״, פערברעכענס צווישען מענש און גאט. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, ווען דער איינגעל האט ביז יעצט ניט געדאווענט און געקענט דאווגען, דאן איז דער פאטער פעראַנטוואָרטליך; דאס זעלבע איז מיט ברכת המזון, נטילת ידים און אזוי ווייטער.

וואָס מיר לערנען דערפון איז, אַז בייא אידען איז נישטא קיין אינקוויזיציאָן. אַ פאטער איז מחויב מדריך צו זיין זיין זוהן בדרך הישר, אין דברים בין אדם למקום, ביז דער זוהן ווערט אלט דרייצעהן יאהר מיט אַ טאג, און איז ראוי צו נעמען אויף זיך אליין דיא פעראנטווארטליכקייט צו זיין אַ איד, ווען ער איז עס ניט, ווען ער איז ניט מקיים דיא פארגעשריעבענע מצוות, דאן וועט ניט דער פאָטער ליידען, נאר דער זוהן אליין, ווייל גאט האט אנערקענט, אז אַ אינגעל פון דרייצעהן יאהר איז שוין פערשטענדיג גענוג צו בעגרייפען זיינע פפליכטען.

אלזא, פאר מזלזל זיין בנטילת ידים, פאר עובר זיין אויף אנדערע מצוות, וואס זיינען נוגע גאט אליין, וועט דער בחור׳ל קריגען זיין עהרליכען אויסקומענעש. וואס איז אבער מיט זאכען בין איש לרעהו? איז אַ דרייצעהן־יעהריגער אינגעל שוין ניט גענוג אויך דיעזע פעראנטווארטליכקייט צו טראגען?

ביי אונז אידען, ווייסען מיר, אז אידישקייט מיט מענשהייט, געהן

## TO A BAR MITZVAH.

By A. Silbert.

Dear Friends:

My words shall now be directed to the Bar Mitzvah and to his parents.

When one becomes a Bar Mitzvah it signifies among us Jews that he has taken upon himself a heavy burden. The father, upon this occasion, says, "Blessed art Thou for delivering me from this punishment."

It is indeed a punishment to be responsible for a child's sins. Our sages have explained what kind of sins these are; they called them "Crimes between man and his Creator." In other words, it means that when the boy up till now could not, or would not, pray, his father was responsible; the same thing is with saying grace, the washing of hands, etc.

What we learn of this is, that we Jews never had an inquisition. A father had to direct his son to walk in the right path, teach him the duties between God and man until the son becomes thirteen years and one day old, and is strong enough to take upon himself the responsibility of being a Jew. But when he is not, when he does not comply with the prescribed laws, then it is not the father who suffers but the son alone, for the Lord said that a boy of thirteen is fully capable to grasp the responsibility of his duties.

Thus, for not washing the hands and for trespassing on other commandments, concerning God alone, the young fellow must bear the consequences. But what about things concerning man and man? Is a boy thirteen years of age apt to bear the responsibilities?

We Jews know that Judaism and humanity go hand in hand. When one is a conscientious and good Jew, he is also a conscien-

האנד־אין־האנד. ווען איינער איז אן אויפריכטיגער און עהרליכער איד, איז ער אויך אן אופריכטיגער און עהרליכער מענש. דערפאר איז איבריג צו בע־הויפטען, אז מען קען זיין שלעכט בין איש לרעהו און גוט בין אדם למקום.

גאט האט אבער געזאגט: „אויף מיין כבוד בין איך מוחל, אבער אויף דיא אינרעכטען פון מענשען צו מענשען, קען איך ניט מוחל זיין".

היינט איז דער בר־מצוה אלט געווארען דרייצעהן יאהר מיט א טאג און וואס עס איז נוגע דיא פפליכטען צו גאט, איז ער אליין פעראנטווארט־ליך. דער פאטער מעג, פון צייט צו צייט, איהם אויפמערקזאם מאכען דאריבער, אבער ניט זיין קיין נוגש, ווייל אמונה זאכען און מקיים זיין מצוות בין אדם למקום טאר מען ניט טהון דורך נגישה.

אבער וואס אנבעלאנגט דער „בין איש לרעהו" פאנגט ערשט היינט ריכטיג אן דיא צייט פון דיא עלטערען'ס פפליכט צו זייער קינד.

גאט וועט זיך שוין אליין אננעהמען זיין קריוודע, אבער וועגען מענש־ליכע זאכען, דארפען דיא עלטערן נעהמען זייער קינד אין האנד און איהם מדריך זיין „עד כי יהיה לאיש" ביז ער וועט ווערען אן ערוואקסענער מענש.

דעם פאטער'ס פעראנטווארטליכקייט איז אויך דער מוטער'ס. זיי וועט מען שוין אלזא ניט שטראפען איבּ זייער קינד וועט ניט האלטען דיא דינים בכל פרטיהם ודקדוקיהם, אבער זיי זיינען שטארק פעראנטווארטליך פאר זיין מענש־יכקייט.

א קינד פון דרייצעהן ביז אכטצעהן יאהר, וויא דיא חכמים ערקלעהרען, מאכט פונקט דורך יענע צייט וויא דער בוים וועלכער גייט איבער פון זיין דינינקען ווארצעלע צו ווערען א שטארקער בוים. כדי ער זאל קענען שטעהען געגען שטורם.

זאלען דיא עלטערען דאס געדענקען, און זאלען זיך אויך עראינערן אין שלמה המלך'ס ווערטער „חנוך לנער על פי דרכו", דאס הייסט, פריי־הער שטודירען זייער קינד'ס נייגונגען און דאן איהם פיהרען אויף דעם פאַ־סענדסטען וועג, אום ער זאל זיין אן עהרע פאר זיי און פאר זיין פאָלק.

tious and good man. It is, therefore, superfluous to say that one may be bad to his fellow-man and good to his Creator.

But God said, "I shall forego and dispense with the sins toward me, but as to the wrongs between man and man I shall never grant forgiveness."

To-day the Bar Mitzvah became thirteen years and one day old. As to the duties toward God he alone is responsible. The father may from time to time attract his attention regarding it, but no compulsion on his part for religious affairs and the obedience of commandments between man and God, should ever be compulsory.

Concerning the laws between man and man, the parents should commence from this very day to impress upon the mind of their child the necessity thereof.

Aye, God will take care of the duties toward Himself; but as to duties toward humanity, it is the parents that have to lead their child and direct him until he becomes fully developed in body and mind.

The father's responsibility is also the mother's. They will not any longer be punished for the divine commandments should their son fail to obey them, but they are still the custodians of their child's humanitarianism.

A child of thirteen, up till his eighteenth year, as our sages declare, passes exactly that period of his life as the tree does when from a sapling it becomes a strong tree, capable of withstanding a storm.

Let the parents remember at all times the words of King Solomon, "Train up a child in the way he should go and when he is old he will not depart from it." This means that we have to study all the propensities of a child and so train him to walk upon the right path of life, so that he may be an honor for his parents as well as for his nation.

# דרשה לבר־מצוה.

## דרשה לנער עברי במלאת לו שלש עשרה שנה.

מאת ג. זעליקאוויץ

---

הורי היקרים, מורי הנכבד וכל הנאספים אל שמחת חגי.

ברוכים אתם הורי הנעימים על הטוב והחסד אשר עשיתם עמדי מיום הולדי עד היום במלאת לי שלש־עשרה שנה מימי חיי, זה היום נגילה ונשמחה בחגי חג „בר־מצוה”, ראשית ברכתי הדלה ברכת שפתים לכם אבי האהוב ואמי הנעימה בעד כל העמל והתלאה אשר מצאוכם בדרך בעמדכם על משמרתי למען לא אכשל.

ברוכים כל קרובי ומיודעי, ידידי ורעי וכל הקרואים אשר באתם בצל קורתי לשמוח בחג אחיכם החדש, כי רק חטר מגזע ישראל הייתי עד כה, אולם היום הנני נטע בכרם ה' צבאות, ואין קצה לחדותי לראות את פניכם גם יחד סביב על שולחן אבי (בחצרות אלהים) לשמוע ממני לקח יה בשפתנו הנאדרה בקדש ולהביאני תחת כנפי כנסת ישראל.

וברוך אתה מורי הרם אשר בהלך נר על ראשי כי אצלת מחכמתך עלי להודיעני במה יזכה נער עברי את ארחו ושננת לי אורחות חיים בשפתנו הנשגבה, בשפת חוזינו ונביאינו אשר סללו לנו מסילת האמת והצדק, דרך התורה והאמונה, נתיב החכמה והתפארת!

אחי ורעי, אלופי וכל הנאספים! ידעתי גם ידעתי כי עודני עמוד רפה בהיכל בית ישראל, אזוב קיר ביער ארזים ומי אני לבא לפניכם באמרי־שפר? עודני רך בשנים להביע אמר לפני קהל נכבד כזה. אכן נכסף נכספתי לספר לכם כי היום יצאתי ללחום בעד אלהי ועמי, בעד תורתי ודתי, לעשות רצון שוכן מרום בלב שלום ולמצא חן בעיני אלהים ואדם. מי ימלל את כל קורות ישראל בארצות פזורנו! מי ימנה צבאות עמנו אשר הלכו ברנה אל ירכתי הקבר אחרי מסרו את נפשותיהם על קדושת השם טרם עלו על המוקד? גם היום מכנף ארץ זדים עוד נשמע קול יעקב, קול נהי בשברון

## SPEECH FOR A BAR MITZVAH.

(Address of a Jewish Boy When He Becomes 13 Years of Age.)

By G. Selikowitz.

Dear Parents, Respected Teachers and All Assembled Here to the Rejoicing of My Celebration:

Blessed be ye, my sweet parents, for all the good and kindness that ye have done for me ever since the day of my birth until now, when I become thirteen years of age. This is the day in which we rejoice and enjoy my festival, the festival of my Bar Mitzvah. My first meagre blessing, the blessing of my lips, belong to you, my beloved father and my sweet mother, for all the trouble and care which overtook you on the way while you stood on the post taking care that I might not stumble.

Blessed be ye, all my relatives, acquaintances, friends and comrades and all assembled here in the shade of this roof, to celebrate the festival of your new brother. For until now I have been but a twig of the trunk of Israel, but from to-day on I am indeed a perfect plant in the garden of the Lord of Hosts. There is no end to my rejoicing, seeing your countenances surrounding my father's table, listening to the godly instruction in our holy and magnificent language while I am being brought under the protecting wings of the congregation of Israel.

Blessed art thou, my exalted teacher, for enlightening my head, for thou hast given me of thy wisdom and thou hast made known to me how a Jewish lad may succeed, pointing out and teaching me the pathos of life in our adored language, in the language of our seers and prophets who have trodden for us the path of truth and justice, the path of the Thorah and faith, the way of wisdom and beauty.

Brethren and comrades, sires and all assembled! I know very well that I am still a weak pillar in the temple of the house of Israel, a mere hyssop in the forest of palm-trees, and who am I to appear before ye with polished diction? I am still tender in years to express aught in the presence of this honored congregation. I am, however, very desirous of relating to ye to-day that I went forth to fight the battles for my God, for my people, for my Thorah and

